# איליאס און אדיסעיא




## אויסדערוויילטע
## אילוסטרירטע
## דערציילונגען

גאלדע פאַץ

# איליאַס און אָדיסעיאַ

אויסדערוויילטע
אילוסטרירטע
דערציילונגען
פאר קינדער



פארלאג ״גשר״ בערלין
1924 · תרפ״ד

ש. רובין

דאָס בוך
איז געווידמעט מיינע
קליינע פריינט – די תלמידות און
תלמידים פון ווילנע
און וואַרשע

די פאַרפאַסערין



ינם אַכטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן זיינען שוין אין גריכנלאַנד געווען באַגאַבטע דיכטער, וועלכע האָבן אין זייערע לידער באַזונגען די גרויסע גבורים פון פאָלק, זיינע העלדן, און אויך אַזוינע געשעענישן פונם פאָלקס־לעבן, וועלכע דאָס גאַנצע פאָלק האָט טיף איבערגעלעבט און וועלכע זיינען געבליבן דעריבער אין זכרון פון אַ סך דורות. די נעמען פון די דאָזיקע דיכטער, די מענשן פון פאָלק, זיינען ניט באַקאַנט, זיי זיינען פאַרלאָרן געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער די לידער, וועלכע זיי האָבן געשאַפן, פלעגט מען פון מויל צו מויל איבערגעבן און פון דור צו דור זינגען אינם גריכישן פאָלק. דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען די גריכן האָבן נאָך ניט געקענט שרייבן. שוין אַ סך שפּעטער, אפשר אינם זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קר. ג״ האָט מען די דאָזיקע לידער צונויפגעזאַמלט, פאַרשריבן און צוזאַמענגעשטעלט פון זיי צוויי ביכער: איין בוך איז „איליאַס“, דאָס צווייטע — „אָדיסעי“. אין „איליאַס“ זיינען צונויפגעזאַמלט די לידער, וועלכע שפּיגלען אָפּ דעם לעבן פון די גריכן אין צייט פון מלחמה, אין „אָדיסעי“ – די, וועלכע שפּיגלען אָפּ דעם לעבן פון די גריכן אין צייט פון שלום. אויף אַזאַ אופן זיינען

„איליאַס" און „אָדיסעי" אַ פֿאָלקס־שאַפֿונג — דאָס איז דער גריכישער עפּאָס.

די גריכן אַליין האָבן אָבער געגלויבט, אַז אַמאָל איז בײַ זיי געווען אַ בלינדער דיכטער האָמער, וועלבער האָט געשאַפֿן די דאָזיקע לידער. געלערטע זײַנען דערגאַנגען, אַז אַזאַ דיכטער האָמער האָט אַ פּנים אַמאָל געלעבט און געשאַפֿן לידער. פֿונדעסטוועגן איז „איליאַס" און „אָדיסעי" דאָך אַ פֿאָלקס־שאַפֿונג אין זייער גרעסטן טייל. די דאָזיקע לידער זײַנען שוין אָבער אַזוי פֿאַרבונדן מיט האָמערס נאָמען, אַז מען רופֿט זיי אָן „דאָס האָמערישע עפּאָס".

דער אינהאַלט פֿון „איליאַס" איז די מלחמה, וועלכע די גריכן — ריכטיקער: אַ גרופּע גריכישע פֿעלקער — האָבן געפֿירט מיט טראָיאַ. די גריכן האָבן געהאַט איין שפּראַך, אויף וועלכער זיי פֿלעגן ריידן, און איין און דיזעלבע געטער. די שפּראַך און דער גלויבן האָט זיי פֿאַראייניקט אין איין פֿאָלק; זיי זײַנען אָבער ביז צום סוף פֿון זייער געשיכטע געבליבן צע־טיילט אויף אַ סך שבֿטים. די נעמען פֿון די שבֿטים — די אַכעיער, דאַנאיער, אַרגיווער און נאָך אַנדערע — ווערן שטענ־דיק דערמאַנט אין „איליאַס".

בראש פֿון די שבֿטים זײַנען געשטאַנען מלכים־העלדן, וועלכע האָבן אָנגעפֿירט מיטן פֿאָלק אין צײַט פֿון מלחמה און געמשפּט דאָס פֿאָלק אין צײַט פֿון שלום. וועגן די דאָזיקע מלכים־העלדן, ווי, למשל, אַגאַמעמנאָן, אַכילעס, מענעלאַיוס, איאַקס, ווערט דערציילט אין „איליאַס".

די סבה פון דער טראָיאַנישער מלחמה איז כלומרשט געווען אַזאַ:

די גריכישע געטער האָבן געפּייערט אַ חתונה פון אַ גאָט מיט אַ געטין; צו דער חתונה זיינען איינגעלאַדן געווען אַלע געטער און געטינס, אויסער דער געטין פון שנאה עריס. די דאָזיקע געטין האָט זיך אָבער דערפאַר נוקם געווען. אין מיטן דער שמחה האָט זי אַריינגעוואָרפן אַ גאָלדענעם עפּל מיט אַן אויפשריפט: „פאַר דער שענסטער". האָבן זיך דריי געטינס — געראַ, אַטענאַ און אַפראָדיטאַ — צעקריגט צווישן זיך: ווער פון זיי איז די שענסטע. דער אָלימפּישער גאָט, צו וועלכן זיי האָבן זיך געווענדט, האָט זיי אָפּגעשיקט צו פּריאַמס, דעם טראָיאַנישן קעניגס, זון פּאַריס, וועלכער איז געווען אַ מבין אויף פרויען־שיינקייט, כדי ער זאָל די פראַגע אַנטשיידן. אַזוי ווי פּאַריס האָט די פראַגע געלייזט לטובת דער געטין אַפראָדיטאַ, האָט די דאָזיקע געטין צוגעזאָגט פּאַריסן צו העלפן אים קריגן די שענסטע גריכישע פרוי פאַר אַ ווייב. אין אַ צייט אַרום האָט פּאַריס באַזוכט דעם גריכישן קעניג מענע־לאַיוס, וועלכער האָט אים זייער פריינטלעך אויפגענומען אין זיין הויז. בעת דער קעניג איז אָבער ניט געווען אין דער היים, האָט פּאַריס ביי אים אָפּגערעדט זיין פרוי, די וואונדער־שיינע בליענדע העלענאַ, די שענסטע צווישן די גריכישע פרויען. פּאַריס האָט אַוועקגעפירט העלענען מיט אַ סך אוצרות פונם קעניג מענעלאַיוס צו זיך קיין טראָיאַ.

גרויס איז געווען די עולה. דער קעניג מענעלאַיוס האָט

זיך געווענדט צו אַלע גריכישע שבטים און מלכים, זיי זאָלן זיך איינשטעלן פאַר זיין עולה. און אַלע גריכן האָבן זיך געשטעלט אויפן צד פונם קעניג מענעלאַיוס און אַרויס מיט אַ מלחמה קעגן די טראָיאַנער, כדי צו באַשטראָפן דאָס טראָיאַנישע פאָלק פאַר דער שולד פון פאַריסן, און זיי האָבן באַלאַגערט טראָיאַ. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די באַרימטע טראָיאַנישע מלחמה, וועלכע האָט זיך געצויגן יאָרנלאַנג. די העלדישקייט פון די פעלקער און פון זייערע מלכים — די גבורים, די מעשים פון די געטער, די פּרטים פון מלחמה־לעבן בילדן דעם אינהאַלט פון „איליאַס” — דעם אייביקן מערק־ווירדיקן דענקמאל פון דער גריכישער פאָלקס־שאַפונג.

---

צום שלוס דריק איך אויס מיין דאַנק דעם הער א. טשעריקאווער פאַר די פריינדלעכע עצות, מיט וועלכע ער האָט באַגלייט דאָס ערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך.

ג. פּאַץ.

# ערשטער טייל

אויסדערוויילטע
דערציילונגען פון
»איליאַס«



ער אַלטער פריסטער כריז איז מיט טייערע מתנות געקומען צו די אַכעיער אויסקויפן פון געפאַנגענשאַפט די ליבע טאָכטער זיינע. דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיט כבוד אויפגענומען דעם זקן, אָבער דער קעניג פון אַכעיאַ אַגאַמעמנאָן האָט אים שטאָלץ און האַרט געהייסן, ער זאָל אַוועקגיין. די טאָכטער זיינע וועט איר פרייהייט קיינמאָל ניט באַקומען, זי וועט בלייבן ביים קעניג אַלס געליבטע אָדער אַלס דינערין. פאַרטרויערט און שטילשווייגנד איז אַוועק דער אַלטער כריז און האָט זיך צום גאָט אַפּאָלאָן מיט אַ תפילה געווענדט, ער זאָל זיך מיט די אַכעיער פאַר זיינע טרערן אָפּרעכענען און אָנשיקן אויף זיי זיינע גיפטיקע פיילן. און דער גאָט אַפּאָלאָן מיט דעם זילבערנעם פיילנבויגן האָט דערהערט זיין געבעט. שנעל האָט זיך דער צאָרנדיקער גאָט פון אָלימפּ אַראָפּגעלאָזן; די פיילן האָבן געקלונגען אין זיין זילבערנעם פיילנזאַק דערביי. ניין טעג נאָכאַנאַנד האָט אַפּאָלאָן זיינע פיילן אויף די אַכעיער געשאָסן, פיל מענשן זיינען פון זיי טויטע געפאַלן, און ס׳האָבן געפלאַקערט די שייַטערס, וואָס האָבן די מתים פאַרברענט.

אויפן צענטן טאָג האָבן די אַכעיער אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג צונויפגערופן, בכדי צו באַטראַכטן, וואָס טוט מען. און דער



פעב־אַפּאָלאָן, דער גאָט פון פּאָע־
טישער שאַפונג און פון דעם נבואה־
גייסט. ער היילט דעם מענשן פון
זיינע ליידן, אָבער גיפטיק און גע־
פערלעך זיינען זיינע טויט־פיילן



העלד אַכילעס האָט אַ פאָרשלאַג געמאַכט, אָנצופרעגן ביי אַ פריסטער אָדער ביי אַ נביא, פאַרוואָס איז אין כּעס דער גאָט אַפּאָלאָן אויף די אַכעיער. און דער פריסטער קאַלכאַס דער חכם, וועלכער האָט געוואוסט אַלץ, וואָס ס׳קומט פאָר איצט און וואָס עס וועט זיין שפּעטער, האָט דעם קעניג אַגאַמעמנאָן דעם ריינעם אמת אין די אויגן געזאָגט: פאַרן פריסטער כריז רעכנט זיך אָפּ דער גאָט אַפּאָלאָן. ער וועט נאָר דאַן זיין גרימצאָרן שטילן, ווען אַגאַמעמנאָן וועט פריי אָפּגעבן דעם פאָטער זיין געפאַנגענע טאָכטער, די שוואַרצאויגיקע כריזע־אידע. דרייסט איז אַרויסגעטראָטן אַכילעס און געפאָדערט, מ׳זאָל דעם פריסטער אָפּגעבן זיין טאָכטער. זעענדיק, אַז דערפון היינגט אָפּ די ישועה פון גאַנצן פאָלק, איז אַגאַמעמנאָן מרוצה געוואָרן אָפּצוגעבן זיין געליבטע. אָבער דער כּעס האָט אין אים ווי אַ פייער געברענט, און ער האָט געדראָאָט, אַז ער וועט ביי אַכילעסן צונעמען זיין געליבטע, וואָס יענער האָט פאַר זיין העלדישקייט אַלס רויב באַקומען. אין אַכילעסן האָט זיך אנגעצונדן דער כּעס, און ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן שווערד און איז גרייט געווען אויפן אָרט אַגאַמעמנאָנען טויטן. אָבער די געטין אַטענאַ, געשיקט דורך דער געטין געראַ, איז ערשינען פאַר אים אומבאַמערקבאַר פאַר אַלעמען און האָט אים באַפוילן צו שטילן זיין צאָרן. און אַגאַמעמנאָן האָט זיין דראָאונג ערפילט און צוגעשיקט שלוחים צוצונעמען ביי אַכילעסן זיין געליבטע בריזעאידע, און זיי האָבן די פאַר־וויינטע מיידל פאַרן האנט פון געצעלט אַרויסגעפירט.

אַכילעס האָט זיינע פריינט פאַרלאָזן און ווייט פון אַלעמען, אין התבודדות, ביי די גרויע כוואַליעס פון יַם געזעסן און, אויסשטרעקנדיק די הענט, האָט ער דער יַם־געטין טעטיס, זיין מוטער, וועגן זיין עולה דערציילט. און די געטין פון יַם־תהום — דעם געצעלט פונם אַלטן נערעי — האָט דערהערט זיין געוויין. ווי אַ לייכטער וואָלקן איז זי פון שוימענדיקן יַם אַרויס, האָט צאַרט איר זון אַרומגענומען און געטרייסט אים אין זיין צער. די געטין האָט אַכילעסן צוגעזאָגט דעם גאָט צעאוס צו די פיס פאַלן און אים בעטן, ער זאָל נקמה נעמען אָן אַגאַמעמנאָנען און אים באַשטראָפן דערפאַר, וואָס ער האָט אַכילעסן אַזוי טיף באַליידיקט. אין דער צייט האָט מען צום פרימטער כריז זיין טאָכטער געבראַכט, און דער גאָט פעב־אַפּאָלאָן האָט אויפגעהערט אומצוברענגען די אַכעיער. די אַכעיער האָבן דאַן געבראַכט די געטער קרבנות, באַשאָטענע מיט זאַלץ, און אַ גאַנצן טאָג נאָכאַנאַנד האָבן די אַכעיער מיט געזאַנג די געטער פאַרגעניגן פאַרשאַפט.

צוועלף טעג זיינען אַריבער. די געטין טעטיס האָט אַכילעס'ס בקשות ניט פאַרגעסן. באַגינען איז זי פון דעם שוימענדיקן יַם אַרויס און אין נעפל פון פרימאָרגן אויפן באַרג אָלימפּ אַרויפגעגאַנגען. דאָרט, אויפן העכסטן שפּיץ, זעט זי צעאוסן, וואָס טרייבט די וואָלקנס און שליידערט די בליצן. זי זעצט זיך צו אים צו, נעמט אַרום זיינע קני מיט איין האנט און מיט דער צווייטער גלעט זי זיין באָרד און בעט אים, דעם פאָטער פון געטער און מענשן, ער זאָל זיך

. . . און צופאַלנדיק צו זיינע פיס האָט אים ווידער די
געטין טעטיס געבעטן



צעאוס־קראָניאָן, דער גאָט פון
דונער, דער פאָטער פון די אומ־
שטערבלעכע און פון די מענשן



נוקם זיין פאַר איר געליבטן זון אַכילעס, און זאָלן די טראָ־יאַנער האָבן דעם נצחון אין מלחמה. לאַנג האָט דער וואָלקנ־טרייבער צעאוס־קראָניד געשוויגן, און צופאַלנדיק צו זיינע פיס, האָט אים ווידער די געטין טעטיס געבעטן. דאַן האָט צעאוס צו איר אַזוי געזאָגט: „קער זיך אום צוריק צו זיך, אָבער אַזוי, אַז די געטין גערא, מיין פרוי, זאָל דיך ניט באַ־מערקן. דיין בקשה וועל איך ערפילן. פעסט איז מיין וואָרט, ווען איך שאָקל צו מיטן קאָפּ.‟ און מיט די שוואַרצע ברעמען גיט צעאוס אַ הויב, און ס׳הויבן זיך די דופטיקע האר אויפן אומשטערבלעכן קאָפּ פון קראָנידן, און עס טרייסלט זיך דער פולבערגיקער אָלימפּ. —



אַגאַמעמנאָן האָט אַ חלום געזען, אַז ער נעמט איין טראָיאַ. דעם חלום האָט אויף אים אָנגעשיקט דער גאָט צעאוס. אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, האָט אַגאַמעמנאָן פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע פאָלק און האָט געזאָגט, אַז צעאוסעס שליח האָט אים באַפוילן, ער זאָל פירן אין שלאַכט קעגן טראָיאַ די דאנאַיער.

ווי בינען, וואָס פליען אַרויס פון די בערג־שפּאַלטן און טראָגן זיך אַרום געדיכט, אַ קופּע נאָך אַ קופּע, און דרייען זיך אַרום די פרילינגס־בלומען, ווי אומצאָליקע מחנות, אַזוי האָבן זיך די גריכישע שבטים און פעלקער פון די שיפן און געצעלטן, אַ מחנה נאָך אַ מחנה, אָן אַ צאָל, געצויגן איבערן

ברעג פון ים. זיי האָבן זיך געזאַמלט צום שלאַכט. ווי אַ שטורעם האָט די מחנה געטומלט. די ערד האָט אונטער זייערע פיס געקרעכצט.

אָבער ווי נאָר עס האָבן זיך די מחנות פאַרזאַמלט, האָט אַגאַמעמנאָן פּלוצלונג חרטה באַקומען און האָט צום פאָלק אויסגעשריען: „צוריק צו אונזערע היימען! איינצונעמען טראָיאַ איז ניט אין אונזערע כּוחות!" און דאָס פאָלק איז שוין מיט גרויסע קולות צוריק צו די שיפן געלאָפן. נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די געטין אַטענאַ־פּאַלאדאַ. זי האָט אויפגעפאָדערט אָדיסעיען, און לויט איר באַפעל האָט ער אָנגעהויבן אַלעמען איינרייַדן, מ'זאָל ניט לויפן, מ'זאָל אויף טראָיאַ גיין, און מ'וועט טראָיאַ איינעמען. אָדיסעיס ווערטער האָבן צוגעגעבן אַלעמען מוט, און די געטין אַטענאַ־פּאַלאַדאַ האָט געפלאַטערט צווישן די חיילות, אין יעדערן באַזונדער האָט זי געוועקט די אַנטשלאָסנקייט און דעם כּוח אָן אַן אויפהער צו קעמפן און מלחמה צו האַלטן. און אין איין רגע איז די מלחמה אַלעמען געוואָרן טייערער, ווי דער צוריקקער אַהיים און ווי דאָס אייגענע לאַנד.

ווי אַ פייער, וואָס צינדט זיך אָן אויף די בערגשפּיצן און פאַרברענט דעם אומענדלעכן וואַלד און שיינט אָפּ פון דערווייטן מיטן מאָרגענרויט, אַזוי איז געווען דער גלאַנץ פון דעם וואונדערבארן קופּער פון די חיילות. די שבטים, ווי אומציילבאַרע סטאַיעס פון פויגלען, ווילדע גענז אָדער לאַנגהאַלזיקע שוואַנען, וואָס דרייען זיך הין און הער און פרייען



די געטין פון מלחמה אַטענאַ·
·זי האָט געפלאַטערט צווישן די
חיילות און אין יעדן באַזונדער
געוועקט די אַנטשלאָסנקייט און
דעם כח אָן אויפהער צו קעמפן
און מלחמה צו האַלטן



זיך מיטן פּאָך פון זייערע פליגלען, אַזוי האָבן די אַרגיווער שבטים פון זייערע שיפן און געצעלטן זיך געטראָגן מיט טומל און רעש אין דעם בליענדיקן טאָל פון סקאַמאַנדר. די ערד האָט מוראדיק געקרעכצט אונטער די פיס פון די מענשן און די פערד. ווי בלעטער אויף די בוימער, ווי בלומען אין די פרילינגס־טאָלן, ווי פליגן, וואָס קלייבן זיך אָן אַ צאָל אין גע־צעלט פון פּאַסטוך, אַזוי זיינען די אומצאָליקע דאַנאַיער קעגן די טראָיאַנער געשטאַנען. זיי האָבן געברענט פון פּאַרלאַנג זיך צו שלאָגן און צו פאַרניכטן די שונאים.



מיט קולות און דראָאונגען האָבן זיך די טראָיאַנער אין שלאַכט געוואָרפן. איינגעהאַלטן, אָבער אַנטשלאָסן צו שטיין איינער פאַרן צווייטן זיינען די ארגיווער געווען. און ווען די ביידע מחנות האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן, איז אַרויס דער העלד פּאַריס אַלעקסאַנדר — שיין ווי אַ גאָט, אין אַ טיגער־פעל איינגעהילט, מיט אַ קרומען פיילנבויגן אויפן רוקן און מיט אַ שווערד ביים זייט. האַלטנדיק אַ קופּערנעם שפּיז אין האַנט האָט ער גערופן, דער גרעסטער דאַנאַישער העלד זאָל אים אַנטקעגן אַרויסגיין. און ווי נאָר מענעלאַיוס האָט אים דערזען, איז ער פון רייטוואגן אַראָפּגעשפּרונגען מיט געווער אין האַנט; ער האָט מיט פרייד אויסגעדריקט זיין גרייטשאַפט צום געראַנגל. אין אים האָט געברענט די נקמה צו פּאַריסן.

אָבער ווי נאָר דער געטלעך־שיינער פּאַריס האָט מענעלאַיוסן דערזען, האָט זיך זיין האַרץ פאַרצאפּלט, און ווי אַ וואַנדערער, וואָס טרעפט פּלוצלונג אַ דראַקאָן אין די בערג־שפּאַלטן, איז ער פון מענעלאַיוסן אָפּגעטראָטן און האָט זיך צווישן די געדיכטע מחנות פאַרמישט. העקטאָר, זיין ברודער, האָט לאַנג פּאַריסן געמוסרט: עס איז דאָך אַ שאַנדע, וואָס דו, אַלעקסאַנדר, וועלכער האָט צוגענומען ביי מענעלאַיוסן זיין בליענד־שיינע פרוי העלענאַ, האָסט ניט קיין מוט ארויס אין קאַמף קעגן אים מיט געווער אין האַנט. דאָס האָט אויף אַלעקסאַנדערן געווירקט, און ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן קעגן מענעלאַיוסן: ווער ס׳וועט מנצח זיין און וועט זיך אַרויסווייזן פאַרן שטאַרקסטן, דער וועט נעמען העלענען צו זיך אין הויז און וועט אויך אַלע אוצרות באַקומען, און דערווײַלע זאָלן די פעלקער קיין מלחמה ניט פירן און שלום שליסן. מענעלאַיוס איז אויף דעם תנאי מרוצה געוואָרן.

און די געטין איריסאַ איז געפלויגן צו העלענען און האָט איר גערופן גיין זען, ווי די העלדן וועלן זיך שלאָגן צוליב איר. העלענאַ איז פון טורעם אַרויס. און ווען די זקנים פון איליאָן האָבן זי דערזען, האָבן זיי געזאָגט איינער צום צווייטן: ס׳איז דאָך ניט קיין וואונדער, וואָס צוויי פעלקער שלאָגן זיך און ליידן אַזוי פיל צוליב איר. ווייל זיכער: צו די אייביקע געטינס איז אין איר שיינקייט ענלעך העלענאַ. און מען האָט אין אַ בעכער וויין צעמישט, מ׳האָט שעפסן געשאָכטן, צעטיילט זייער האר צווישן די אַכעיער און טראָיאַנער און מען האָט

גערופן צעאוסן, דעם הערשער פון באַרג אידאַ, און דעם גאָט העליאָס, וואָס זעט אַלץ און הערט אַלץ אונטערן הימל, און די ערד און די טייכן, זיי זאָלן זיין עדות פון דער הייליקער שבועה. — אויב פּאַריס־פּריאַמיד וועט בייקומען מענעלאַיוסן־אטרידן, וועט ער איינהאַלטן העלענען מיט אַלע אוצרות ביי זיך. און אויב דער גרויער מענעלאַיוס וועט טרעפן פּאַריסן, מוזן די בירגער פון טראָיאַ אָפּגעבן העלענען מיט אַלע אוצרות צוריק. מען האָט געקוילעט אָקסן און געגאָסן ווייין לכבוד די געטער. העקטאָר און אָדיסעי האָבן אָפּגעמאָסטן אַ פּלאַץ צום געראַנגל. מען האָט געוואָרפן גורל, ווער פון די קעגנער זאָל דער ערשטער וואַרפן זיין שפּיז. איז געפאַלן דער גורל אויף פּאַריסן. מיט שטראַלנדיקע אויגן זיינען אַרויס די העלדן איינער קעגן דעם אַנדערן. פּאַריס האָט געוואָרפן זיין שפּיז און געטראָפן מענעלאַיוסן אין זיין רונדן פּאַנצער. אָבער דער שפּיז האָט זיך צעבויגן און האָט דעם פּאַנצער ניט דורכגע־לעכערט. דאַן האָט מענעלאַיוס זיין שפּיז געוואָרפן. ער האָט דורך און דורך דורכגעשטאָכן פּאַריס׳ס פּאַנצער. און נאָר ווייל ער איז אָפּגעשפּרונגען, האָט ער זיך פון טויט געראַטע־וועט. אנכאַפּנדיק אים, האָט מענעלאַיוס צונויפגעדריקט פּאַ־ריס׳ס צאַרטן האַלז און האָט אים אָנגעהויבן נאָך זיך צו שלעפּן. אָבער דאָ האָט זיך די געטין אַפראָדיטאַ, די באַ־שיצערין פון פּאַריסן, אַריינגעמישט און, פאַרהילנדיק אין אַ וואָלקן איר ליבלינג, האָט זי אים פון שלאַכטפעלד אַרויס־געטראָגן.

פרידלעך האָבן די געטער געשמועסט, זיצנדיק אויף אַ גאָל־דענעם בריק. די בליענדע געבאַ האָט געטיילט דעם נעקטאַר אין גאָלדענע בעכערס. אָבער דער גאָט צעאוס מיט דער געטין געראַ זיינען צווישן זיך ניט איינשטימיק געווען: צעאוס האָט געוואָלט אויסהיטן טראָיאַ, און געראַ האָט גע־וואָלט אַ מפלה פאַר די טראָיאַנער. און דער גאָט צעאוס האָט זיך סוף כל סוף אונטערגעגעבן, און לויט זיין באַפעל האָט אַטענאַ ווידער אָנגעצונדן די מלחמה צווישן די טראָיאַנער און דאַנאַיער. זי האָט איבערגערעדט איינעם פון די טראָ־יאַנער העלדן פאַנדאַרן און ער האָט געלאָזן אַ פייל אין מענע־לאַיוסן, דעם קעניג, און דערמיט געבראָכן די הייליקע שבועה. די פייל האָט געטראָפן מענעלאַיוסן, און ס׳האָט זיך אַ גאָס געטאָן רויטע בלוט פון זיין וואונד. און בעת די דאַנאַיער האָבן זיך געוואָרפן העלפן זייער פאַרוואונדעטן קעניג, האָבן זיך די מחנות פון די טראָיאַנער אַ לאָז געטאָן אויף זיי און זיינען אין קאַמף אַריינגעטראָטן, באַוואפנט מיט שפיזן, מיט קופערנע פאַנצערן. אַ שרעקלעכער דונער האָט זיך איבערן פעלד געטראָגן. עס האָבן זיך צעמישט די קולות פון נצחון מיט די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע. די ערד האָט זיך מיט בלוט באַגאָסן. אַ סך העלדישע טראָיאַנער און דאַנאַיער האָבן זיך אין יענעם טאָג אויף דער פאַרבלוטיקטער ערד אויסגעצויגן טויטע איינער נעבן דעם אַנדערן.



צווישן סימאָאיס און קסאַנף האָט מען זיך געשלאגן· אַיאַקס טעלאַמאָניד האָט דער ערשטער דורכגעריסן די טראָ־יאַנישע רייען און דורכגעשטאָכן דעם שטאַרקסטן פון די טראָיאַנער – אַקאַמאַסן· אַ סך טראָיאַנישע גבורים זיינען גע־פאַלן· מענעלאַיוס האָט אָנגעכאַפּט אַדראַסטן· וועלכן די דערשראָקענע פערד האָבן פון רייטוואָגן אַראָפּגעשליידערט· און האָט אים געוואָלט טויטן· אַדראַסט האָט אָנגעהויבן צו בעטן מענעלאַיוסן· ער זאָל אים דעם לעבן שיינקען· זיין פאָטער וועט פאַר אים אַ סך אויסקויף־אוצרות געבן: קופּער· גאָלד און אײַזנוואַרג· און מענעלאַיוס איז שוין כמעט געווען גרייט אויף אים זיך מרחם זיין· נאָר דאָ איז פּלוצלונג פאַר זיינע אויגן אַגאַמעמנאָן אויסגעוואַקסן און האָט אָנגעהויבן אויפצעוואַרפן מענעלאַיוסן· אַז ער האָט וויייניק מוט אין האַרצן· קיינער פון די טראָיאַנער טאר ניט אויסמיידן דעם טויט· אַפילו אַ קינד אין בויך פון זיין מוטער· און אַגאַמעמנאָן האָט אַליין דער־שטאָכן אַדראַסטן· די דערשראָקענע טראָיאַנער האָבן שוין געוואָלט פאַרלאָזן דאָס שלאכט־פעלד און צוריק צו זיך אין טראָיאַ אַנטלויפן· אָבער איינער פון פריאַמס זין האָט איינגע־רעדט ענעיען און העקטאָרן· זיי זאָלן איינהאַלטן די טראָיאַנער ביים טויער פון שטאט· העקטאָר אַליין איז אַריין אין שטאט מקריב זיין קרבנות פאַר די געטער· עס האָבן אים אַרומגערינגלט טראָיאַנישע פרויען און קינ־דער און נאָכגעפרעגט זיך וועגן זייערע נאָענטע ברידער· מענער און פריינט· העקטאָר האָט געענטפערט: „זייט

מתפלל אַלע און בעט די געטער: עס. שטייט אונז פאָר אַ גרויסע סכּנה".

ביי פּריאַמס פּאַלאַץ האָט העקטאָר זיין מוטער העקובאַ געטראָפן. די מוטער האָט אים ווייַן פאָרגעלייגט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו טרינקען, ער האָט נאָר געבעטן, די מוטער זאָל צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע טראָיאַנער פרויען גיין אין טעמפּל פון דער געטין אַטענאַ מקריב זיין קרבנות, די געטין זאָל זיך איבער דער שטאָט מרחם זיין, איבער די פרויען און אומשולדיקע קינדער. דאַן איז העקטאָר אין פּאַלאַץ אַוועק, כּדי פּאַריסן זיין ברודער אין שלאכט צו רופן. זיין פרוי אַנ־דראָמאַכאַ איז אין דערהיים ניט געווען. מיטן קינד און מיט דער רייך־געקליידעטער אַם איז זי צום טורעם אַוועק. העקטאָר איז שנעל אַרויס איר אַנטקעגן. ביי די טויערן האָט ער גע־טראָפן אַנדראָמאַכען — געטיאָנס שענסטע טאָכטער. די אַם האָט געהאַלטן דאָס קינד, וועלכעס האָט ווי אַ שטערן גע־לויכטן. שטיל האָט העקטאָר געשמייכעלט, אויפן קינד קוקנ־דיק. אַנדראָמאַכאַ איז געשטאַנען און געוויינט. זי האָט העקטאָרן פאַרן האַנט גענומען און אָנגעהויבן אים צו בעטן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר און איבער דעם קינד. העקטאָר וועט פון זיין אייגענער העלדישקייט אומקומען, און זי, אַנדראָמאַכאַ, וועט אַן אלמנה בלייבן. ווייַ איז צו איר, אויב העקטאָר וועט פאַלן! זי האָט ניט קיין פאָטער און ניט קיין צאַרטע מוטער, אירע ברידער זיינען אַלע אין איין טאָג אויפן שלאַכטפעלד געפאַלן. העקטאָר איז ביי איר אַלץ: אַ

. . . אים טוט ווײ דאָס האַרץ ניט ווײניקער, ווי איר,
ס'איז אָבער אַ חרפה פאַר יעדן טראָיאַנער און פאַר
יעדער טראָיאַנישע פרוי, ווי אַ פּחדן בלײבן ווײט פון
שלאַכטפעלד, בעת די שטאָט איז אין סכנה

פּאָטער און אַ מוטער, אַ ברודער און אַ מאַן. זאָל ניט בלייבן דאָס קינד אַ יתום און זי — אַן אלמנה. און העקטאָר האָט איר געענטפערט, אַז אים טוט וויי דאָס האַרץ ניט ווייניקער, ווי איר, ס׳איז אָבער אַ חרפּה פאַר יעדן טראָיאַנער און פאַר יעדער טראָיאַנישער פרוי, ווי אַ פּחדן בלייבן ווייט פון שלאַכט־פעלד, בעת די שטאָט איז אין סכנה. דאָס האַרץ ערלויבט אים דאָס ניט צו טאָן. ער איז געוואוינט אין די ערשטע רייען זיך צו שלאָגן. ער ווייס, ס׳וועט קומען דער טאָג, ווען ס׳וועט אומקומען די הייליקע טראָיאַ, ס׳וועט אומקומען פריאַם און דאָס פאָלק פון פריאַמען. אָבער ניט דער צער פון טראָיאַ, פון פריאַמען, פון דער אַלטער מוטער און פון די יונגע העלדן, וועלכע וועלן פאַלן אין שלאַכט, דריקט אים דאָס האַרץ, נאָר איר צער, אַנדראָמאַכעס! מען וועט זי אין געפאַנגענשאַפט אַוועקפירן, און אַלס שקלאַפין וועט זי מוזן וואַסער טראגן, און ווען אימעצער וועט זי אַ פאַרוויינטע דערזען, וועט ער אויף איר אנווייזן און זאָגן: דאָס איז דאָך אַנדראָמאַכאַ, די פרוי פונם גרויסן העלד העקטאָר, וועלכער האָט זיך ביי טראָיאַ געשלאָגן און אַלעמען מיט זיין העלדישקייט איבערגעשטיגן. אָבער ס׳איז בעסער צו שטאַרבן, איידער אַנדראָמאַכען אין גע־פאַנגענשאַפט צו זען און הערן איר ביטער געוויין! נאָך די ווערטער האָט העקטאָר געוואָלט דעם זון אַרומנעמען. דאָס קינד האָט זיך אָבער פאַרן פאָטערס העלם דערשראָקן. העק־טאָר האָט אויסגעטאָן דעם העלם, האָט אַרויפגענומען דעם זון אויפן האַנט, האָט אים געקושט און געבענטשט, ער זאָל

אַ גרויסער אויסוואַקסן און דעם פּאָטער אין העלדישקייט איבערשטייגן. אַנדראָמאַכען האָט ער געבעטן, זי זאָל גיין אַהיים און פאַרנעמען זיך מיט האַנטאַרבעט. אַ מענש קאָן זיין גורל ניט אויסמיידן! אַנדראָמאַכאַ איז אַוועק, אָן אויפ־הער אַרומקוקנדיק זיך אויף העקטאָרן, און טרערן האָבן זיך ביי איר ווי פון אַ קוואַל געגאָסן. קומענדיק אַהיים, האָט זי צוזאַמען מיט די דינערינס גענומען באַוויינען העקטאָרן, פונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט איר געזאָגט, אַז זי וועט אים שוין קיינ־מאָל ניט זען.



א סך אַכעאישע העלדן זיינען אין שלאַכט מיט פּאַריסן און העקטאָרן געפאַלן. אָבער די געטער פעבּ־אַפּאָלאָן און אַטענאַ־פּאַלאַדאַ, טרעפנדיק זיך ביי אַ הייליקן דעמב, האָבן באַשלאָסן, אַז די שלאַכט מוז יענעם טאָג פאַרענדיקט ווערן. זאָל נאָר פּאָרקומען אַ געראַנגל איינער אויף איינעם צווישן העקטאָרן און אַ אַכעאישן העלד. האַלטנדיק דעם שפּיז אין דער מיט, איז העקטאָר ארויס פּאָרויס. ווי רויבפויגלען זיינען געזעסן די געטער אויפן דעמב און געקוקט אויף די געדיכטע רייען פון די פעלקער, וועלכע זיינען געשטאַנען איינע קעגן די צווייטע, באַוואפנט מיט שפּיזן, געווער און העלמען. העקטאָר האָט אויסגערופן, ווער פון די גרעסטע אַכעאישע גבורים וויל קעגן אים אַרויס אין אַ געראַנגל? אויב

דער קעגנער וועט העקטאָרן בייקומען, האָט ער רעכט אַראָפּ־צונעמען זיין געווער און מיטנעמען עס צו די שיפן; דעם קערפּער אָבער זאָל ער אומקערן די טראָיאַנער, כדי די טראָיאַנישע פרויען זאָלן אים קאָנען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. און אויב ער, העקטאָר, וועט באַזיגן, וועט ער אויך צונעמען דעם קעגנערס געווער און אויפהייגען אין טעמפּעל פון גאָט אַפּאָלאָן, דעם קערפּער וועט ער די אַכעיער אָפּגעבן, זאָלן זיי מקבר זיין דעם העלד אויפן ברעג פון ים, זאָלן זיי אָנשיטן אויף זיין קבר אַ הויכן באַרג, און ווען אימעצער פון די קומענדיקע דורות וועט דערזען דעם קבר, וועט ער וויסן, אַז דאָרט ליגט אַ העלד פון אַמאָליקע צייטן, וועלכער האָט זיך מיט העקטאָרן געשלאָגן און פון אים באַזיגט געוואָרן. און העקטאָרס נאָמען וועט בלייבן אויף אייביק באַרימט.

לאַנג האָבן די אַכעיער געשוויגן. זיי האָבן מורא געהאַט העקטאָרס פאָרשלאַג אָנצונעמען און זיי האָבן זיך געשעמט אויסצומיידן דעם געראַנגל. סוף כל סוף, נאָכדעם ווי נעסטאָר האָט די אַכעיער געמוסרט, איז קעגן העקטאָרן אַרויס אַיאַקס טעלאַמאָניד. באַוואָפנט מיט קופּער, איז ער געווען מעכטיק, ווי אַ פעלז. מיט הילכיקע גרויסע טריט האָט ער געטראָטן און האָט געפאָכט מיטן שפּיז, פון וועלכן ס'איז אַ לאַנגער שאָטן געפאַלן. מיט אַנטציקונג האָבן געקוקט אויף אים די אַרגיווער, אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען איבער אַלע טראָיאַנער. ביי העקטאָרן אַליין האָט געצאַפּלט דאָס האַרץ אין דער מעכטיקער ברוסט, אָבער אויסמיידן דעם געראַנגל האָט ער

שוין ניט געקאָנט. און עס האָבן זיך די העלדן געשלאָגן העקטאָרס שפּיז איז טיף אַרײַן אין טעלאַמאָנידס שוץ־אײַזן, אָבער איז אינם זיבעטן פעל שטעקן געבליבן. דאַן האָט איאַקס מיט זיין שפּיז דורכגעשטאָכן העקטאָרס רונדן שוץ און האָט אויף אים דעם כיטאָן צעריסן. העקטאָר איז אָפּ־געשפּרונגען און אַזוי אויסגעמיטן דעם טויט. דאַן האָבן זיי די שפּיזן ווידער אויסגעשטרעקט און האָבן זיך צום צווייטן מאָל צוזאַמענגעשטויסן. און העקטאָר איז פאַרוואונדעט געוואָרן. שוואַרצע בלוט האָט פון זיין האַלז געפלאָסן, אָבער פון שלאַכטפעלד איז ער ניט אַוועק. אַ גרויסן, שוואַרצן שטיין האָט ער פון דער ערד אויפגעהויבן און אין איאַקסן געשליידערט. עס האָט אַ דונער געטאָן דער קופּער אונטערן שטיין, אָבער איאַקס האָט שנעל געכאַפּט אַ גרעסערן שטיין און אַ וואַרף געטאָן אין העקטאָרן. ער האָט אים געטראָפן אין קני. אויפן רוקן איז העקטאָר געפאַלן. אָבער פעב־אַפּאָלאָן האָט אים אויפגעהויבן, און די העלדן האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן צו שלאָגן. זיי וואָלטן זיכער אויף קליינע שטיקלעך צעשניטן איינער דעם אַנדערן, אָבער שלוחים פון די טראָ־יאַנער און אַכעיער האָבן געמאָלדן, אַז דער געראַנגל איז פאַרענדיקט. ביידע העלדן האָבן געפונען חן אין די אויגן פון צעאוסן. דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך אין זייער העלדיש־קייט איבערצייגט. דאַן האָבן די העלדן איינער דעם צווייטן מתנות געשיינקט. זאָלן די קומענדיקע דורות וויסן, אַז גע־שלאָגן האָבן זיך די העלדן פול שנאה, וואָס האָט זייער האַרץ



... און עס האָבן זיך די העלדן געשלאָגן!



צעפּרעסן, און צעשיידט האָבן זיי זיך מיטן טיפּסטן דרך־ארץ, ווי די בעסטע פריינט. העקטאָר האָט אַיאַקסן אַ שווערד מיט זילבערנע נעגל געגעבן און פון אַיאַקסן אַלס מתנה אַ פּורפּור־גאַרטל באַקומען. —



דער גאָלדענער מאָרגנרויט האָט זיך איבער דער ערד פאַר־שפּרייט, ווען דער גאָט צעאוס האָט די געטער אויפן אָלימפּ פאַרזאַמלט און האָט זיי מיט גרויס אימה וועגן זיינע גבורות דערציילט. אונטער אַ שטאַרקן רושם זיינען אַלע געטער געווען, און דער גאָט צעאוס האָט זיך אין גאָלד אָנ־געטאָן, אַ וואונדערשיינעם גאָלדענעם בייטש גענומען און זיך אין שטראַלנדיקן וואגן ארייגעזעצט, פערד מיט קופּערנע פיס און מיט גאָלדענע גריוועס זיינען אין וואָגן איינגע־שפּאַנט געווען, און די פערד זיינען געפלויגן צווישן ערד און הימל, וואָס איז מיט שטערן פאַרזייט געווען. אויפן שפּיץ פונם באַרג אידא האָט זיך צעאוס־קראניאן אָפּגעשטעלט און האָט פון דאָרט אויף דער שלאַכט געקוקט. אָבער ווען דער שטראַלנדיקער העליאָס איז אויפן הימל אַרויף, האָט צעאוס אַרויפגעלייגט אויף גאָלדענע וואָג־שאָלן צוויי גורלס. דער גורל פון די טראָיאַנער האָט זיך אויפגעהויבן, און דער גורל פון די אַכעיער איז צו דער ערד געפאַלן.

העלדיש האָט זיך אין יענעם טאָג העקטאָר געשלאָגן. ער האָט געוואָלט אונטערצינדן די אַכעאישע שיפן, אומ־ברייגגען אַלע אַכעיער, און די אַכעיער זיינען מיט גרויס פחד פון שלאַכטפעלד אַנטלאָפן. אָבער דאָ האָט צעאוס געשיקט אַן אָדלער אַלס צייכן, אַז ער וועט די אַכעיער העלפן. די אַכעאישע העלדן האָבן אָנגעהויבן ווייַזן וואונדער אין שלאַכט. זיי האָבן זיך אַלע געריסן העקטאָרן בייצוקומען און נידער־צושלאָגן. אַ סך טראָיאַנער זיינען נעבן העקטאָרן געפאַלן, ער אַליין איז אָבער גאַנץ געבליבן, און דאָ האָט זיך דער גורל פון שלאַכט ווידער געענדערט. די טראָיאַנער האָבן ביז צו אַ טיפן גראָבן פאַריאָגט די אַכעיער. העַקטאָר האָט זיך אַ מעכטיקער און שטאָלצער געטראָגן פאָרויס.

אַזוי האָט מען זיך געשלאָגן, ביז ס'איז געקומען די נאַכט. די טראָיאַנער זיינען אין פעלד געזעסן. די פייערלעך אַרום האָבן ווי שטערן אין הימל געפינקלט. אַ שיין איז געפאַלן אויף די בערג, אויף די פעלזן און טאָלן. טויזנטער שייטערס האָבן געפלאַקערט, און אַרום יעדערן זיינען צו פופציק קריגס־לייט געזעסן. די פערד האָבן שטיל געגעסן דעם ווייסן גערשטן, שטייענדיק נעבן די וועגן און וואַרטנדיק אויפן שיינעם מאָרגענרויט.



א שווערער טרויער האָט באַהערשט די דאַנאַיער. זיי האָבן שוין ניט געגלויבט, אַז זיי וועלן איינעמען די הייליקע טראָיאַ. דער קעניג אַגאַמעמנאָן איז געווען זיכער, אַז די מפלה איז נאָענט. ער האָט געוואָלט פירן צוריק אַהיים די דאַנאַיער, נאָר דיאמעדעס, אַ יונגער העלד, איז אַרויסגע־טראָטן און האָט אַלעמען גערופן ווידער זיך לאָזן אין שלאַכט. ער אַליין האָט באַשלאָסן אזוי לאַנג צו שלאָגן זיך, ביז טראָיאַ וועט פאַלן. דער אַלטער און קלוגער נעסטאָר האָט אָנגעהויבן איבערצייגן דעם קעניג אַגאַמעמנאָן, אַז ער מוז איבערבעטן אַכילעסן, וועלכן ער האָט אזוי שווער באַליידיקט — דאַן וועט דער נצחון זיכער זיין אויפן צד פון די דאַנאַיער. און אַגאַ־מעמנאָן האָט זיין שולד אָנערקענט. ער האָט אַליין אויסגע־רעכנט די מתנות, וועלכע ער איז גרייט געווען צו שיקן אַכילעסן: צען טאַלאַנט גאָלד, צוואַנציק קעסלען, זיבן נייע דרייפיסן, צוועלף מעכטיקע פערד, וועלכע האָבן זיך אין לויפן אויסגעצייכנט, די זיבן שענסטע מיידלעך פון אינזל לעסבאָס, און האָט אויך צוגעזאָגט אָפּגעבן צוריק בריזעאידען. און אויב מ׳וועט טראָיאַ איינעמען, זאָל ער, אכילעס, זיין שיף מיט קופּער און מיט גאָלד אָנלאָדן, זאָל ער צוואַנציק שענסטע טראָיאַנישע פרויען זיך אויסקלייבן. די שענסטע פון זיינע דריי טעכטער איז ער, אַגאַמעמנאָן, גרייט אַכילעסן פאַר אַ ווייב צו געבן. נדן וועט אַכילעס דערצו זיבן בליענדע שטעט באַקומען. און מיטן ברעג פון דעם אייביק רוישנדן ים זיינען אַוועק די שלוחים צו אַכילעסן. דעם גאַנצן וועג

האָבן זיי ניט אויפגעהערט די געטער צו בעטן, זיי זאָלן ווייך מאַכן אַכילעס'ס האַרץ. אַכילעס איז נעבן זיין געצעלט געזעסן, האָט באַזונגען די העלדן און האָט אויף אַ לירע געשפּילט. דערזעענדיק די שלוחים, האָט ער זיי מיט גרויס כבוד אויפגענומען. די שלוחים האָבן אַכילעסן איבערגעגעבן אַגאַמעמנאָנס פאָרשלאַג. אָבער אַכילעס איז געבליבן פעסט, ווי פריער. צו שטאַרק האָט אים אַגאַמעמנאָן באַליידיקט. ער קאָן עס אים ניט מוחל זיין. ער האָט בריזעאידען געליבט, און אַגאַמעמנאָן האָט ביי אים די געליבטע צוגענומען, קיינע מתנות וועט ער ניט נעמען, די עולה פרעסט אים דאָס האַרץ. נאָר דעמאלט וועט ער נעמען אָן אנטייל אין דער מלחמה, ווען דער געטלעכער העקטאָר וועט די אַכעאישע שיפן פאַרברענען און צעשטערן די אַכעאישע רייען. שטריינג און אָן רחמנות האָט גערעדט אַכילעס, און אויסגעהערט שטיל און געשוויגן האָבן די שלוחים. צוריק צו די אַכעיער האָבן זיי זיך מיט גאָרניט אומגעקערט. —



א רויסגייענדיק פון געצעלט האָט דער אַלטער נעסטאָר דערזען, ווי די אַכעיער לויפן און ווי די שטאָלצע מענער פון טראָיאַ פאַרפאָלגן זיי. די מלכים דיאָמעדעס, אָדיסעי און אַגאַמעמנאָן זיינען צערודערט געווען. אַגאַמעמנאָן האָט געזען, אַז העקטאָרס דראָאונג ווערט מקוים: העקטאָר האָט געזאָגט,

אַז ער וועט זיך ניט אומקערן אַהיים, ביז עס וועלן ניט פאַר־ברענט ווערן אַלע אַכעאישע שיפן און ניט אומגעבראַכט ווערן אַלע אַכעיער. זעענדיק דעם טומל און הערנדיק די גרויסע יללה, האָט נעסטאָר באַשלאָסן, אַז פירן ווייטער די שלאַכט איז אוממעגלעך. אַגאַמעמנאָן האָט פאַרלאָרן דעם מוט. ער האָט פאָרגעלייגט אַראָפּצולאָזן די שיפן אין ים און אָפּפאָרן. נאָר דא האָט זיך דער גאָט פון די ימים פּאָסעידאָן באַוויזן פאַר אַגאַמעמנאָנען און האָט אים פאָרויסגעזאָגט דעם נצחון איבער די טראָיאַנער. מיט אַ מוראדיקן געשריי האָט זיך נאָכדעם דער גאָט איבערן פעלד אַוועקגעטראָגן. זיין קול, וואָס האָט געהילכט ווי אַ שטים פון צען טויזנט מענער, האָט דערוועקט אין יעדערן אַ שטורעמדיקן כח און אַ אומדערמיד־לעכן פאַרלאַנג זיך צו שלאָגן.

די געטין געראַ, צעאוסעס ווייב, האָט אויך געוואָלט די אַכעיער צו הילף קומען. זי האָט באַשלאָסן צעאוסן מיט ליבע צו פאַרבלענדן, כדי ער זאָל פאַרגעסן צו שיינקען דעם נצחון די טראָיאַנער. מיט אַמוראָזיע האָט די געטין אָפּגעשווינקט דעם שטויב פון איר צויבערלעכן קערפער. מיט זיסן, הימ־לישן, שמעקעדיקן אייל האָט זי זיך איינגעזאַלבט אַזוי, אַז דער געטלעכער ריח האָט זיך פון דער ערד ביזן הימל דער־הויבן. זי האָט צעקעמט און פאַרפלאָכטן און צוזאַמענגעלייגט די גלענצנדע לאָקן, וועלכע זיינען פון איר אומשטערבלעכן קאָפּ געפאַלן. אויפן קערפער האָט זי אַ דופטיקע דעקע אַרויפ־געוואָרפן און איבערן ברוסט מיט אַ גאָלדענע נאָדל פאַר־

שפיליעט. דרייענדיקע רינגען, וועלכע האָבן פייערדיק געפינקלט, אין די אויערן אַריינגעטאָן. דעם קאָפּ מיט אַ ווייסשטראַלנדיקער טוך באַשלייערט. אַ פּראַכט האָט די געטין אַרומגערינגלט. שנעל איז געראַ אויפן שפּיץ פון באַרג אידאַ אַרויף. און ווי נאָר ס'האָט זי איר מאַן, דער גאָט פון דונער, דערזען, האָט אַ מעכטיקעליידנשאַפט פאַרכאַפּט זיין האַרץ מיט יענעם פייער, וואָס האָט געברענט אין אים בעת זיין ערשטער ליבע. אַנטקעגן דער פרוי האָט זיך אויפגעהויבן דער וואָלקנטרייבער און אין זיינע מעכטיקע הענט די געטין איינגעשלאָסן, און שנעל האָט אונטער זיי די ערד אירע בלומען אַרויסגעשפּראָצט — דעם טוי־זאַפטיקן לאָטאָס און די געדיכטע גיאַצינטן, און אַ וואָלקן אַ גאָלדענער האָט זיי פאַרהילט, אַ וואָלקן אַ גאָלדענער, פון וועלכן עס זיינען ליכטיקע טראָפּנס טוי אויף דער ערד געפאַלן.

און עס האָט זיך די שלאַכט ווידער באַנייט. דער גאָט צעאוס אַליין האָט אָנגעפירט מיט די מחנות פון די אַכעיער. אָן מורא, פול מיט מוט און מיט גבורה, האָט דער שיינער העקטאָר, באַוואָפנט מיט כלי־זין און אָנגעטאָן אין אַ גלענצנדן העלם, געפירט די רייען פון די טראָיאַנער.

ניט אַזוי רוישן די כוואַליעס פון ים, ווען עס טרייבט זיי צום ברעג דער ווינט באָרעי; ניט אַזוי רוישט דער פייער, ווען ער צעגיסט זיך איבערן ברענעדיקן וואַלד; ניט אַזוי רוישט דער ווינט איבער די שפּיצן פון די הויכע דעמבעס, — ווי ס'האָבן גערוישט די שטימען פון די טראָיאַנער און אַכעיער,



די גוטין גערא, די פרוי פון גאָט
צעאוס, די הערשערין
פון הימל.



וועלכע זיינען מיט ווילדע קולות געגאַנגען איינע אויף די אנ־
דערע. מיט אַ גרויסן שטיין האָט אַיאַקס־טעלאַמאָניד געטראָפן
העקטאָרן. און אויף דער ערד איז געפאַלן דער פאַרוואונ־
דעטער העקטאָר־פריאַמיד. אָבער די טראָיאַנישע העלדן
האָבן אים אויפגעהויבן און שנעל אויף די הענט פון שלאַכט־
פעלד אַוועקגעטראָגן. —



פונם שפיץ אידא, וואו ס'האָבן די קוואַלן געראוישט, האָט זיך
דער גאָט אַפּאָלאָן אַראָפּגעלאָזט אין פעלד, וואו העקטאָר
איז געלעגן. ער איז שוין אָבער ניט געלעגן, נאָר געזעסן,
און קומענדיק צו זיך האָט ער די פריינט זיינע, וואָס זיינען
אַרום אים געשטאַנען, דערקענט. און אַפּאָלאָן איז צוגעטראָטן
צו העקטאָרן, וועלכער האָט שוין גערעכנט, אַז ער גייט אין
דער פינסטערער וועלט פון אַאידן און פון די טויטע, און
האָט אים צוגעזאָגט דעם נצחון. דער גאָט אַפּאָלאָן וועט באַ־
שיצן אים און די הויכע טראָיאַ, זאָל העקטאָר פירן זיינע
רייטערס אין שלאַכט; ער, דער גאָט אַפּאָלאָן, וועט אויסגלייכן
דעם וועג פאַר די טראָיאַנישע העלדן און וועט צווינגען צו
אַנטלויפן די אַכעיער. און אַ מעכטיקער כח האָט באַהערשט
העקטאָרן פון די ווערטער. אַזוי רייסט זיך אַרויס אַ פערד,
לויפט און צעגראבט דאָס פעלד מיט זיינע קלאָען, פול
פייער, מיט אַ הויך פאַרריסענעם, שטאָלצן קאָפּ; עס פלאַטערט

זיין גריווע אויפן האַלז, ער איז שטאָלץ מיט זיין איידעלער שיינקייט. אַזוי איז העקטאָר געווען, אַזוי שנעל האָבן זיך זיינע פיס באַוועגט, ווען ער האָט די שטים פון דעם גאָט דערהערט. ער האָט געפירט אין שלאַכט זיינע רייטערס, און די אַרגיווער, וועלכע האָבן אָן אויפהער פאַרפאָלגט די טראָ־יאַנער, האָבן אַ ציטער געטאָן און פאַרלאָרן דעם מוט, דער־זעענדיק העקטאָרן, גיין אַזוי שנעל און מעכטיק.



דריי מאָל נאָכאנאנד האָט פאַטראָקל, אַריינדרינגענדיק טיף אין די טראָיאַנישע רייען, די טראָיאַנישע העלדן גע־שלאגן. אָבער ווען ער האָט זיך צום פערטן מאָל געוואָרפן אויף די טראָיאַנער, איז אים אַנטקעגן ארויס דער גאָט אַפּאָלאָן, אַ מוראדיקער, ווי אַ געוויטער. ניט דערקענט האָט פאטראָקל דעם גאָט אין די געדיכטע רייען אין חושך פאַרהילטע, און דער גאָט אַפּאָלאָן האָט פאַטראָקלען געשלאָגן, און פינסטער איז געוואָרן דעם העלד אין די אויגן. אַפּאָלאָן האָט אַראָפּ־געהאקט דעם העלם פון זיין קאָפּ, און דער קופערנער העלם האָט געקלונגען, קייקלענדיק זיך אונטער די קאפיטעס פון די פערד. פאַטראָקלס שווערער קופערנער שפיז איז צעשפליטערט געוואָרן, דער פאנצער איז געפאַלן אויף דער ערד. אַ שוואַכ־קייט האָט פאַטראָקל אין זיינע גלידער דערפילט, און אַ קומער אַ שווערער איז אויף זיין האַרצן געפאַלן. מיט אַ שארפן

שפּיז האָט אים דאַן דורכגעשטאָכן אין רוקן עוופאָרבּ· און פּאַטראָקל האָט געוואָלט אָפּטרעטן פון פעלד׳ אָבער ווי נאָר העקטאָר האָט דאָס באַמערקט׳ האָט ער זיך ווי אַ לייב אַ ווארף געטאָן אויף פּאַטראָקלען און אַרויסגעריסן פון אים די נשמה· שוין אין מיטן פון זיין גסיסה האָט אָבער געזאָגט דער איידל־מוטיקער פּאַטראָקל׳ אַז באַזיגן האָבן אים געקאנט נאָר די געטער; העקטאָר האָט דערפאר געהאַט דעם נצחון׳ ווייל אויף זיין צד איז געשטאנען דער מעכטיקער צעאוס און פעב־אַפּאָלאָן· —



אכילעס׳ פּאַטראָקלס פריינט׳ איז ביי זיינע שפּיציקע שיפן געזעסן׳ און אַהין איז צו אים געקומען אין טרויער דער באַרימטער אַנטילאָך׳ נעסטאָרס זון· ער האָט הייסע טרערן געגאָסן און אָנגעזאָגט די שרעקלעכע בשורה: „געפאַלן פּאַטראָקל! עס גייט אַ קאַמף פאר זיין קערפּער׳ ער ליגט נאקעט אין פעלד׳ דער מעכטיקער העקטאָר האָט אַראָפּגעריסן פון אים דאָס געווער!" אַ טונקעלער וואָלקן פון טרויער האָט פאַרהילט אַכילעסן· מיט אומריינע אַש האָט ער שנעל באַ־שאָטן זיין קאָפּ און וואונדערשיינעם פּנים· אין דער גאַנצער גרויס האָט ער זיך אויף דער ערד אויסגעצויגן׳ שטיל זיינע האָר געריסן און געצופּט· די פרויען די יונגע׳ וועלכע ער צוזאמען מיט פּאַטראָקלען האָבן געפאנגען׳ זיינען פון די גע־

צעלטן אַרויס, הויך אויפֿן קול געוויינט, די הענט געבראָכן, געשלאָגן זיך אין האַרצן, ביז זיי זיינען אין אָנמאַכט געפֿאַלן. באַגיסנדיק זיך מיט הייסע טרערן האָט אַנטילאָך אַכילסען פֿאַרן האַנט געהאַלטן, ער זאָל מיטן אייזן זיך ניט צעשניידן דעם האַלז. און פֿון טיפֿן ים־תהום האָט זיין מוטער, די געטין טעטיס, דערהערט זיין געוויין. צוזאַמען מיט אירע נערעאידן איז זי פֿון ים־שוים אַרויס, און זיי האָבן מיט אַכילעסן געוויינט און באַקלאָגט דעם געפֿאַלענעם. די געטין האָט אַכילעסן טרייסטן געפּרובט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט וויסן פֿון טרייסט: ניטאָ ביי אים מער קיין פֿריינט, דעם ליבסטן פֿריינט, פּאַטראָקלען, האָט ער פֿאַרלאָרן, פֿון אַלע פֿריינט דעם בעסטן; ווי זיין אייגן קאָפּ איז אים פּאַטראָקל טייער געווען, און ער האָט אים פֿאַרלאָרן! ווייט פֿון פֿריינט איז פּאַטראָקל געפֿאַלן. ס׳קאָן זיין, אַז אין זיינע לעצטע רגעס האָט ער אים, אַכילסען, צו הילף גערופֿן. אָבער מער וועט ער, אַכילעס, ניט וואַרטן! עס וועלן זיך שוין באַלד דערוויסן די פֿרויען פֿון טראָיאַ, אַז לאַנג האָט אַכילעס פֿון מלחמה גערוט. ניט איינע פֿון זיי וועט שוין ווישן די טרערן פֿונם צאַרטן פּנים, און דער טיפֿער צער וועט צערייסן זייער ברוסט! אַכילעס גייט אין שלאַכט! קיינער וועט אים ניט איינהאַלטן! ער גייט נקמה נעמען פֿאַר פּאַטראָקלען!



דער גאָט געפּעסט האָט אויסגעשמידט פאַר אַכילעסן אַ שוץ־אייזן, אַ גרויסן און שטאַרקן. דער שוץ־אייזן איז מיט אַ ווייסן רייף אַ דרייענדיקן אַרומגערינגלט געווען און גע־האנגען אויף אַ רימען מיט אַ זילבערנער שיין. פון פינף בלעטער איז געמאַכט געווען דער שוץ־אייזן. אויף איינעם פון די בלעטער האָט געפּעסט אויסגעמאָלט אַ בילד. עס האָט פאַרגעשטעלט די ערד, דעם הימל און דעם ים, די אומדער־מידלעכע זון, די לבנה, די שטערן, די קרוין פון הימל. אויך צוויי שטעט האָט ער אויסגעמאָלט. אין איינער פון די שטעט קומען פאַר חתונות און מאָלצייטן, יונגע לייט גייען אין קאַראַהאָד, פרויען קוקן אויף זיי, אַ סך מענשן דרייען זיך אויפן יום־טוב, זקנים זיצן אויף אַ שטיין און משפּטן מענשן. די צווייטע שטאָט איז פון שונאים באַלאַגערט. מען פירט אונטערהאנדלונגען מיט די איינוואוינער: אָדער די שטאָט וועט ווערן צעשטערט, אָדער די בירגער וועלן מוזן זיך טיילן מיט אַלע אוצרות, וועלכע זיי פאַרמאָגן. ס'איז אויך אויס־געמאָלט געווען אַ צעאַקערט פעלד. פויערים טרייבן אָקסן אונטערן יאָך. פון ווייטן זעט זיך אַ גאָלדן פעלד. עס איז שניטצייט. געדיכטע זאנגען פאלן אונטער די שניידמעסערס, מע זאַמעלט זיי און מע בינדט זיי. קינדער דערלאַנגען די זאנגען. אין מיטן פעלד שטייט דער בעל־הבית מיט אַ שטעקן אין האנט; ער פרייט זיך. אַ וויינגאָרטן איז דאָ אויך אויס־געמאָלט געווען, איינגאנצן אין גאָלד, נאָר די צווייגן מיט די ווינטרויבן זיינען שוואַרץ; ארום דעם גארטן — אַ גראבן

מיט אַ שוואַרצער וואַנט; אין גאַרטן — אַ וועג, וואו עס גייען יונגע לייט און מיידלעך און טראָגן געפלאָכטענע קערב מיט ווייַנטרויבן. אין מיטן שטייט אַ יונגער זינגער מיט אַ לירע אין האַנט. ער זינגט און שפּילט, און די יונגע לייט, טאַנצנדיק אַרום אים מיט געזאַנג, דרייען זיך אין קאַראַהאָד. אַ טשע־רעדע אָקסן האָט ער אויך אויסגעמאָלט; אייניקע האָט ער געמאָלט פון גאָלד און אייניקע פון בליי. מיט געשריי לויפן די אָקסן צום טייך צווישן דעם געדיכטן אַאיר; נאָך זיי לויפן ניין הינט, און הינטער די הינט צוויי לייבן. די לייבן באַ־פאַלן די אָקסן; די הינט און די מענטשן לויפן צו הילף; אָבער די לייבן האָבן שוין איין אָקס צעריסן און טרינקען זיין שוואַרץ בלוט. אומזיסט רייצן אָן די פּאַסטיכער די הינט; די הינט האָבן מורא פאַר די לייבן, זיי בייסן ניט די לייבן, זיי לויפן נאָר צו, בילן און אַנטלויפן צוריק. ווייטער אין א וואונדערשיינעם טאָל גייען אַרום שעפּסן. יונגע לייט און בליענדע מיידלעך טאַנצן; די מיידלעך אָנגעטאָן אין דינע לייכטע לייוונט מיט בלומענקרענץ אויף די קעפּ. די יינגלעך טראָגן גאָלדן געווער. זיי טאַנצן אין רייען אָדער נעמענדיק זיך אין אַ קרייז. אַ גרופּע דאָרפסלייט רינגלט זיי אַרום און פרייט זיך מיט זיי.

און ווען דער אָלימפּישער קינסטלער האָט פאַרטיק גע־מאַכט דעם שוץ־אייזן, האָט ער אים אויף דער ערד אַראָפּ־געטראָגן, און די געטין טעטיס האָט זיך ווי אַ שפּאַרבער אַראָפּגעלאָזן און געבראַכט דעם שוץ־אייזן צו אַכילעסן. —

ל ויטן באַפּעל פון צעאוסן זיינען זיך צוזאמענגעקומען אַלע געטער פון די אָלימפּישע בערג. עס זיינען געקומען אפילו די נימפן פון די וועלדער, די שיינע, פון די ליכטיקע קוואַלן און פון די בליענדע טאלן. צוזאמען מיט די איבעריקע געטער איז געקומען פון ים דער גאָט פּאָסעידאָן. און צעאוס־קראָניד, דער גאָט פון דונער, האָט אַלע געטער באַפעלן צו גיין צו די טראָיאַנער און צו די אַכעיער און אַריינמישן זיך אין קריג. יעדערער פון זיי זאָל העלפן דעם צד, וועמען ער וויל, ווייל אויב אַכילעס אַליין וועט אַרויסגיין קעגן די טראָיאַנער, וועלן זיי קיין איין רגע ניט אויסהאַלטן זיין אויסערגעוויינלעכע גבורה. פריער פלעגן זיי געוווּג ציטערן, ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן, און איצט, ווען עס ברענט אין אים דער כּעס פאַרן געפאַלענעם פריינט, האָט ער, צעאוס, מורא, אַכילעס זאָל באמת ניט צעשטערן טראָיאַ. און די געטער האָבן זיך צעטיילט: געראַ, אַטענאַ־ פּאַלאַדאַ, פּאָסעידאָן, הערמעס און דער הינקעדיקער געפעסט האָבן זיך אויפן צד פון די אַכעיער געשטעלט, און אַרעי, פעב־אַפּאָלאָן, וועלכער שערט ניט די האָר, ארטעמידא־דיאַנאַ, די שטאָלצע, מיט איר פיילנבויגן, לעטא, קסאַנף און מיט דעם צויבערלעכן שמייכל קיפּרידא — אויפן צד פון טראָיאַ. און די אָלימפּישע געטער האָבן צוזאַמענגעבראַכט די מחנות און האָבן ווידער דערוועקט און אָנגעצונדן אין זיי דעם בייזן כּעס. עס האָט פון הימל געדונערט דער פאָטער פון די אומשטערבלעכע און פון די מענשן, און אונטן האָט פּאָסעידאָן געטרייסלט די ערד

און די שפּיצן פון די העכסטע בערג, אַזוי אַז דער גאָט פון דער אונטער־ערד אַאיד האָט זיך דערשראָקן, די ערד זאָל זיך ניט צעשפּאַלטן און עס זאָלן ניט אַרויסגיין פון זייערע וואוין־ערטער די פאַרשטאָרבענע. אַלץ איז אויפגערעגט און אויפגעציטערט געוואָרן, בעת די אומשטערבלעכע געטער זיינען אין שלאַכט אַריינגעטראָטן. קעגן פּאָסעידאָנען איז געשטאַנען אַפּאָלאָן מיט די לאנגע האָר, קעגן אַרעיען — די געטין פּאַלאַדאַ מיט די בלויע אויגן, קעגן גערען — אַרטע־מידאַ די שטאָלצע מיט איר גאָלדענעם פיילנבויגן, קעגן לעטען — הערמעס מיט די פליגלען און קעגן געפעסטן — סקאַמאַנדר. אַכילעס האָט געדורשט נאָך העקטאָרס בלוט. און ער האָט גערופן די העלדן ניט שטיין פון דערווייטנס און קומען נענטער צו די טראָיאַנער. אַ מאן קעגן אַ מאן זאָל מען זיך שטעלן און שלאָגן זיך פייערדיק און אָן אויפהער. ער אַליין וועט דורך די רייען דורכגיין, און דער וועט זיך שוין ניט פרייען, ווער ס'וועט זיך טרעפן מיטן שפּיז פון אַכילן.

און העקטאָר האָט זיינע גבורים גערופן, זיי, די דרייסטע קינדער פון טראָיאַ, זאָלן זיך ניט שרעקן פאר אַכילעסן. ניט אַלץ, וואָס דער שטאָלצער אַכילעס זאָגט, וועט מקוים ווערן! ניט אַלץ, וואָס ער מיינט, וועט זיך אים איינגעבן! ער, העק־טאָר, טרעט אַרויס קעגן אים, כאטש ווי פייער זיינען אַכילעס'ס הענט, און ווי גלאַנציקער אייזן — זיין מעכטיקע ברוסט.

און אַכילעס האָט מיט דער גאַנצער גבורה זיך אַ וואַרף געטאָן אויף די טראָיאַנער. איינער נאָכן אַנדערן זיינען זיי אונטער זיינע מעכטיקע קלעפּ געפאַלן. דאַן איז העקטאָר אַרויס אין די פאָדערשטע רייען. באַוועגנדיק מיט זיין שאַרפן שפּיז, וואָס האָט ווי אַ פייער געלויכטן, איז ער קעגן אַכילעסן ערשינען. דערזעענדיק העקטאָרן, האָט זיך אַכילעס דער־פרייט: אָט וועט ער זיך אָפּרעכענען מיט דעם, ווער ס׳האָט אים טיף אין האַרצן געטראָפן. ער וועט נקמה נעמען פאַר פּאַטראָקלען. אין טיפן צאָרן האָט ער זיך צו העקטאָרן גע־ווענדט: „נעענטער קום צו, העקטאָר, און זאָל שוין שלאָגן דיין לעצטע שעה.” און דער מעכטיקער העקטאָר האָט אים געענטפערט, אַז אומזיסט מיינט אַכילעס אים, ווי אַ קליין קינד, צו שרעקן. ער ווייס אַכילעס׳ס גבורה, אָבער די געטער וועלן אים אפשר העלפן, און שאַרף איז נאָך דער עק פון זיין שפּיז. דריי מאָל נאָכאַנאַנד האָט אַכילעס אויף העקטאָרן פול פייער מיט הילכיקן געשריי זיך געוואָרפן, אָבער פעב־אַפּאָלאָן האָט יעדעס מאָל פריאַמידן אין אַ נעפּל פאַרהילט, און דער שפּיז איז אין דערלופטן שטעקן געבליבן. דאַן האָט אַכילעס אויסגעלאָזט זיין כעס צו אַנדערע העלדן: איינעם דעם האַלז דורכגעשטאָכן, דעם צווייטן די קני, דעם דריטן פון רייטוואָגן אַראָפּגעוואָרפן. טראָסן, וואָס איז אַכילעסן צו די פיס געפאַלן און געבעטן אויף אים רחמנות האָבן, האָט ער מיט אַ מעסער צעשניטן דעם לעבער; מוליען האָט ער אַריינגעשטאָכן דעם שפּיז אין איין אויער און דורכגענומען דורכן צווייטן; עכע־

אָקלען האָט ער דעם שארבן צעשפאלטן; דעװוקאַליאָנען — דעם קאָפּ צוזאַמען מיטן העלם אַראָפּגעהאַקט, אַזוי אַז דער מארך האָט זיך פון די ביינער אַרויסגעגאָסן. ווי אַ מוראדיקע שרפה, וואָס פאַרשפרייט זיך איבער אַ וואַלד, ווען דער ווינט בלאזט פונאַנדער דעם פייער, אַזוי איז אַכילעס געווען. ער האָט געיאָגט און געהרגעט, און פאַרגאָסן מיט בלוט איז גע־וואָרן דאָס פעלד.



די יונגע דערשראָקענע הירשן זיינען די טראָיאַנער געקומען צו לויפן אין שטאט, געווישט דעם שווייס און גע־טרונקען וואַסער צו שטילן דעם דורשט. די ארגיווער האָבן זיי אָבער ביז דער פעסטונג פאַרפאָלגט. איין העקטאָר איז צו זיין אומגליק געבליבן מחוץ פון טראָיאַ. דער זקן פריאַם, העקטאָרס פאָטער, האָט פון דער הויכער פעסטונג דערשטער דערזען אַכילעסן, וועלכער האָט זיך דורכן פעלד ווי אַ לייכטנ־דער שטערן געטראגן. פריאם האָט אַרומגעכאַפּט זיין גרויען קאָפּ, אויפגעהויבן די הענט און אַרויסגעלאזן אַ גע־שריי. מיט אַ שטים, וועלכע איז מיט טרויער דורכגעדרונגען געווען, האָט ער זיין ליבן זון גערופן. אָבער העקטאָר איז געבליבן שטיין אָן באַוועגונג. ער האָט געגארט מיט אַכילעסן זיך צו שלאגן. פריאַם האָט זיינע גרויע האָר אויפן קאָפּ געריסן, אויך העקטאָרס מוטער העקובאַ האָט גע־

וויינט און געיאָמערט. גיסנדיק מיט טרערן, האָט זי דעם זון געבעטן אויף דער אָרעמער מוטער רחמנות האָבן; זאָל ער אַריינגיין אין שטאט און ניט בלייבן איינזאם קעגן אַכילן. נאָר העקטאָרן האָט דאָס אַלץ ניט גערירט. ער האָט אויף אַכילעסן געוואַרט! ווי אַ דראַקאָן אין די בערג, איז ער געשטאַנען פול מיט אומפאַרגלייכבאַרן מוט. ס׳איז אַ חרפה הינטער דער פעסטונג זיך באַהאלטן, האָט ער זיך געטראכט, איידלמוטיקער איז אויפן פרייען פעלד פון יענער זייט טראָיאַ מיט אַכילעסן פנים אל פנים זיך טרעפן און זיך שלאגן. ווי אַ בליץ איז ביי אים דורכגעלאָפן אַ געדאנק אַראָפּצונעמען זיין שוץ־אייזן און כלי־זין און גיין פאַרלייגן אַכילעסי שלום, זאָגן אים, אז ער איז גרייט אָפּצוגעבן צו די אַכעיער העלענען מיט אַלע אוצרות, וועלכע פּאַריס האָט אַמאָל אין טראָיאַ געבראַכט (די סבה פון דער אומגליקלעכער מלחמה). נאָר גלייך האָט ער זיך פאַר זיינע געדאַנקען דערשראָקן. ניין! קיינמאָל וועט ער ניט גיין מיט בקשות צו אַכילעסן. ס׳איז ניט די צייט, ווי אַ בחור מיט אַ דאָרפישער מיידל אונטער אַ גרינעם דעמב אָדער זיצנדיק אויף אַ שטיין, פרידלעך צו שמועסן מיט אַכילעסן. אין קאמף דאַרף מען גיין, און מיר וועלן זען, וועמען דער אָלימפּישער גאָט וועט שיינקען דעם רום פון נצחון.

מעכטיק האָט באַוועגט מיטן שפּיז אַכילעס און האָט אים געוואָרפן אין העקטאָרן. באַצייטנס האָט דאָס העקטאָר באַמערקט, האָט זיך צו דער ערד געבויגן, און דער שפּיז איז

פאַרבייגעפּלויגן און מיטן שפּיץ אין דער ערד אַריין. נאָר געטין אַטענאַ־פּאַלאַדאַ האָט דעם שפּיז אַכילעסן צוריק דערלאנגט. העקטאָר האָט אָבער זיך אַ וואָרט געגעבן, אַז ער וועט פון שלאכטפעלד ניט אַנטלויפן, און אויב ס׳איז באַשערט, זאָל אים טרעפן דער שפּיז ניט אין רוקן, נאָר אין ברוסט. זאָל זיך אָבער אַכילעס אויך היטן — העקטאָר טראגט אויך כלי־זין אויף זיך.

און מעכטיק האָט באַוועגט מיטן שפּיז העקטאָר און האָט אין אַכילעסן געוואָרפן, ער האָט אים אָבער ניט געטראָפן. פונם שוץ־אייזן איז אָפּגעשפּרונגען דער שפּיז.

געבליבן שטיין איז העקטאָר און האָט זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזן ... ער האָט שוין ניט געהאַט, מיט וואָס זיך צו ראַנגלען, ער האָט שוין מער ניט קיין געווער. דעם ברודער צו הילף האָט ער גערופן, אָבער קיינער איז נעבן אים ניט געווען. געקומען די לעצטע שעה! — האָט העקטאָר אַ טראַכט געטאָן. און ווי אַן אדלער פון הימל, האָט ער זיך אויף אַכילעסן מיט זיין שארפן מעסער געוואָרפן, נאָר יענער האָט זיך מיט זיין שוץ־אייזן פאַרשטעלט און אין דער צווייטער האַנט האָט ער אַ שפּיז געהאַלטן און געזוכט אין העקטאָרס שיינעם קערפּער אן אָרט, וואו זיכערער צו טרעפן, אָבער העקטאָרס קערפּער איז אינגאנצן אין אייזן געשמידט געווען, און נאָר אַ טייל פון דעם ווייסן האַלז איז אָפן געבליבן. אין יענעם אָרט האָט אַכילעס העקטאָרן געשטאָכן.... אויף דער ערד איז געפאַלן העקטאָר. בלויז אַ פּאר ווערטער האָט ער

געהאָרכזאַם זיינען די פערד געלאָפן. עס האָט זיך
אויפגעהויבן דער שטויב אַרום העקטאָרס קערפּער,
זיינע שוואַרצע לאָקן האָבן זיך צעשאָטן, און דער
שיינער קאָפּ האָט זיך אָן דער ערד געקלאַפּט

באַוויזן צו זאָגן: זאָל אַכילעס זיין קערפּער ניט אפּגעבן צו די הינט, די טראָיאַנער זאָלן אים קאָנען מיט כּבוד באַערדיקן. און אין מיטן די ווערטער האָט אַ טויטע בלאסקייט זיין פּנים באַדעקט, און שטיל האָט זיך זיין נשמה מיטן מעכטיקן און יונגן קערפּער צעשיידט און איז אַראָפּ צו אַאידן אין דער אונטערערד. עס זיינען זיך צוזאמענגעקומען אכעאישע העלדן, און זיי האָבן מיט וואונדער געקוקט אויפן וואוקס און געשטאלט פונם געפאלענעם טראָיאַנישן גבור, און ניט קאָנענדיק באַהערשן די שנאה, האָט יעדערער פון זיי זיין קערפּער מיטן שפּיז געשטאָכן.

און אַכילעס האָט דורכגעשטאָכן העקטאָרס פיס און אַ רימען דורכגעצויגן, און העקטאָרס קערפּער צו זיין וואגן פאַר די פיס צוגעבונדן, האָט זיך אויפן וואגן געשטעלט און אַ שמיץ געטאָן די פערד; געהאָרכזאם זיינען די פערד געלאָפן. עס האָט זיך אויפגעהויבן דער שטויב אַרום העקטאָרס קערפּער, זיינע שווארצע לאָקן האָבן זיך איבער דער ערד צעשאטן, און דער שיינער קאָפּ האָט זיך אן דער ערד געקלאַפּט. דאָס האָט העקטאָרס מוטער דערזען. זי האָט אויף זיך די האָר געריסן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די טייערע דעקע און אויפגעהויבן אַ ביטערע יללה. ביטער געיאמערט האָט אויך דער אַלטער פּריאַם, עס האָבן צוזאַמען מיט זיי געוויינט די בירגער פון טראָיאַ, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין פייער צעשיט זיך דער הויכער איליאָן.

נאָר ס׳האָט נאָך ניט געוואוסט פון דעם אומגליק אַנדראָ־
מאַכאַ. צו איר איז נאָך ניט געקומען דער שליח מיט דער
בשורה, אַז דער מאן איז געפאַלן אין פעלד. זי האָט דאַן אַ
קלייד אין בלומען געוועבט, זיצנדיק אין ווייטן ווינקל פון
טורעם, אַ בונט געוועב מיט פאַרביקע בלומען. לויט איר
באַפעל האָט די דינערין וואַסער געוואַרעמט, העקטאָר זאָל
זיך קאָנען אויסבאָדן, ווען ער וועט קומען פון שלאַכטפעלד.
ווייַ צו דער אומגליקלעכער! זי האָט ניט געוואוסט, אז העק־
טאָר איז שוין טויט. פלוצלונג דערהערט אַנדראָמאַכאַ גע־
שרייען און געוויין אויפן טורעם. זי האָט שטארק אַ ציטער
געטאָן, און דער שפינדל איז איר פון די הענט אַרויסגעפאַלן;
דאָס האַרץ האָט געקלאַפט, גרייט זיך אַרויסצורייסן, די קני
האָבן זיך געבויגן, אפשר יאָגט זיך אַכילעס נאָך העקטאָרן
אין פעלד, העקטאָר וועט דאָך ניט בלייבן באַהאלטן צווישן
די רייען, אומעטום איז ער דאָך דער ערשטער, קיינער שטייגט
אים אין העלדישקייט ניט אַריבער. מיט אַ צאפלדיק האַרץ
איז אַנדראָמאַכאַ אויפן טורעם אַרויף, האָט זיך אין אַלע זייטן
אַרומגעקוקט און האָט פלוצלונג דערזען: העקטאָרס קערפּער
שלעפּט זיך אין זאמד, שנעל טראגן אים די פערד צו די
אַכעאישע שיפן. אַנדראָמאַכעס ליכטיקע אויגן האָט די טונ־
קעלע נאַכט באַשירמט, געפאלן אויפן פנים איז זי, ווי אַ
טויטע. לאנג האָט מען איר אויף די הענט געהאַלטן, ביז
קומענדיק צו זיך, האָט זי אָנגעהויבן ביטער צו וויינען און
קלאָגן: „אָ! צו וואָס בין איך געבאָרן געוואָרן! מיין מאן

מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ איז אַנדראָמאַכאַ אויפן טורעם
אַרויף, האָט זיך אין אַלע זייטן אַרומגעקוקט און האָט
פּלוצלונג דערזען . . . העקטאָרס קערפּער שלעפּט זיך
אין זאַמד . . . לאַנג האָט מען איר אויף די
הענט געהאַלטן . . .

העקטאָר איז אוועק צו אַאידן אינם אונטערערדישן תהום, און איך מיט מיין אומענדלעכן טרויער בין געבליבן אן אלמנה, און דאָס קינד — אַ יתום. העקטאָר איז געפאַלן! אָט גייט דאָס קינד אַרום מיט פאַרוויינטע אויגן און אַראָפּגעלאזענעם קאָפּ; אין נויט ווענדט זיך אַ יתום דא צו איינעם, דא צום צווייטן פון פאָטערס פריינט. אימעצער וועט אפשר רחמנות האָבן און געבן דעם יתום א זופּ ווײן איינצונעצן די ליפּן. אָבער עפטער טרייבט מען אַ יתום אַוועק פונם פריד־לעכן טיש, און דאָס וויינענדיק קינד גייט צו דער מוטער, דאָס קינד, וועלכן העקטאָר האָט אַזוי געצערטלט. נאַקעט ליגט העקטאָר אין פעלד! ווערים עסן זיין קערפּער, וועלכן ס׳האָבן צעריסן די הינט. וויפיל קליידער, וואונדער־שיינע, דינע, פון די טראָיאַנישע פרויען געוועבטע, האָט ער אין פּאַלאַץ געלאָזן. איך וועל דאָס אַלץ פאַרברענען! העק־טאָר וועט זיי שוין ניט אנטאן מער"···· אַזוי וויינענדיק, האָט געקלאָגט אַנדראָמאַכאַ, און צוזאַמען מיט איר האָבן גע־קלאָגט די טראָיאנישע פרויען.

דער אַלטער פּריאַם האָט באַשלאָסן גיין צו אַכילעסן, אויסצוקויפן דעם זונס קערפּער ביים שונא. קיין זאַך איז אים קיין שאד ניט געווען. ער האָט מיטגענומען צוועלף פּרעכ־טיקע דעקעס, טייערע טעפּיכער, אויבערשטע קליידונג, דינע כיטאָנען, צען טאַלאַנט גאָלד, צוויי גאָלדענע דרייפיסן און אַ שיינעם בעכער, אַ קאָסטבאַרע מתנה, וועלכע ער האָט פון די פראַקיער באַקומען. שווער איז געווען דורך די פיינט־

לעכע רייען צוצוקומען צו אַכילעסן, אָבער דער גאָט הערמעס האָט פּריאַמען געהאָלפן. ניט באַמערקט פון קיינעם איז אַריין פּריאַם אין געצעלט, וואו אַכילעס איז געזעסן, און איז דעם שונא צו די פיס געפאַלן. ער האָט אַכילעסן די הענט גע־קושט, די מוראדיקע הענט, וועלכע האָבן זיינע קינדער גע־שאָכטן. ערשטוינט האָט געקוקט אַכילעס אויפן געטלעכן זקן. פּריאַם האָט געבעטן אַכילעסן, ער זאָל זיך אָן זיין אַלטן פאָטער דערמאָנען. ער איז אפשר אויך פון שונאים אַרומ־גערינגלט. דאָך האָט ער איין טרייסט — זיין זון לעבט! אַכילעס וועט ווען עס איז אומקערן זיך פון דער מלחמה און דערפרייען זיין פאָטערס האַרץ. אומגליקלעך איז אָבער פּריאַם! פופציק זין האָט ער אין אָנפאַנג מלחמה געהאַט, און קיין איינציקער איז ביי אים ניט געבליבן. דעם לעצטן, גע־ליבטן זון זיינעם, וועלכער האָט איינער אַליין זיין שטאט און די בירגער פאַרטיידיקט, העקטאָרן, וועלכער האָט זיך העלדיש פאַר זיין פאָטערלאַנד געשלאָגן, האָט אַכילעס דערהרגעט! איצט האָט ער, פּריאַם, נאָר איין בקשה צו אַכילעסן: זאָל אים אַכילעס אָפּגעבן העקטאָרס קערפּער. רייכע מתנות האָט ער דערפאַר מיטגעבראַכט. זאָל זיך אַכילעס אָן זיין פאָטער דערמאָנען. גרויס איז פּריאַמס אומגליק, קיינער אויף דער וועלט האָט ניט איבערגעלעבט דאָס, וואָס ער: די הענט פונם מערדער פון זיינע קינדער דריקט ער צו זיינע ליפּן.

טרויעריקע מחשבות האָט ער ביי אַכילעסן דערוועקט. אַכילעס האָט זיך פאַרטראַכט, ער האָט זיך אָן זיין פאָטער



. . . עס איז ניט געווען אויף דער
ערד קיין אומגליקלעכערע מוטער,
ווי ניאָבעאַ. זי האָט אין איין טאָג
זעקס טעכטער און זעקס זין פאַר־
לאָרן. איצט געפינט זיך ניאָבעאַ
אויף די וויסטע בערג פון סיציליען.
זי איז פון אירע ליידן פאַר־
גליווערט געוואָרן און פאַרוואַנדלט
דורך די געטער אין אַ שטיין



דערמאנט· און אין געצעלט האָט זיך דערהערט אַ געוויין· אַכילעס האָט צוזאַמען מיט פריאַמען איבער העקטאָרס טויט געוויינט.

און אַכילעס איז אַרויס פון געצעלט און האָט באַפוילען די דינערינס, זיי זאָלן אָפּוואַשן און איינזאלבן העקטאָרס קערפּער· קומענדיק צוריק אין געצעלט, האָט ער אָנגעהויבן פריאמען צו טרייסטן, — פריאַם וועט העקטאָרס קערפּער באַ־קומען· און אַכילעס האָט פריאַמען געטרייסט און אַ ביישפּיל געבראַכט: ס׳איז ניט געווען אויף דער ערד קיין אומגליק־לעכערע מוטער, ווי ניאבעאַ· זי האָט אין איין טאָג זעקס טעכטער און זעקס זין פאַרלאָרן· אַלע אירע קינדער זיינען פון די פיילן פונם גאָט פעב און פון דער געטין אַרטעמידאַ געפאַלן· ניין טעג זיינען די מתים געלעגן· קיינער האָט זיי ניט געוואָלט מקבר זיין· צעאוס האָט די מענשן אין שטיינער פאַרוואַנדלט· ערשט אויפן צענטן טאג האָבן די געטער רחמנות געהאַט און האָבן די מתים מקבר געווען· איצט גע־פינט זיך ניאָבעאַ אויף די וויסטע בערג פון סיציליען· זי איז פון אירע ליידן פאַרגליווערט געוואָרן און פאַרוואַנדלט דורך די געטער אין אַ שטיין· און דאָך, — האָט אַכילעס מוסיף געווען, — האָט די אומגליקלעכע מוטער זיך ניט אָפּגעזאגט פון שפייז· און אַכילעס האָט איינגערעדט פריאַמען, ער זאָל זיך ניט אָפּזאגן עפּעס צובייסן מיט אים צוזאַמען·

אַכילעס האָט אַליין געשאָכטן שעפּסן, דאָס פלייש אויפן פייער געבראטן, מען האָט געבראַכט אין שיינע קערב ברויט,

ווייך, וועלכע אַכילעס האָט אַליין געטיילט. פּריאַם האָט אָפּ־
געגעסן און האָט אַכילעסן אָנגעקוקט. גרויס, מעכטיק, שיין
איז אַכילעס געווען. פּריאַמען האָט זיך געדוכט, ער זעט אַ
גאָט פֿאַר זיינע אויגן. אַכילעס האָט אויך מיט הנאה געקוקט
אויפֿן געטלעכן זקן. אַכילעס האָט מסכים געווען אויף צען
טעג איבערצורייסן די מלחמה, בכדי מען זאָל קענען העקטאָרן
מקבר זיין. —



דער גאָלדענער מאָרגנרויט האָט זיך איבערן הימל פֿאַר־
שפּרייט. דער אַלטער פּריאַם האָט זיינע פֿערד צום הייליקן
איליאָן צו טראָיאַ געטריבן. ער האָט אין זיין פּאָטערלאַנד
דעם קערפּער פֿון געפֿאַלענעם זון צוריקגעפֿירט און פֿונם
הויכן טורעם האָט די וואונדערשיינע קאַסאַנדראַ די
ערשטע דערזען דעם פּאָטער און דעם טויטן ברודער.
זי האָט גערופֿן די טראָיאַנישע פֿרויען און מענער, זיי
זאָלן אַרויסגיין מקבל פּנים זיין העקטאָרן, דעם ליב־
לינג פֿון שטאָט, וועלכער איז אַזוי פֿיל מאָל, ווי אַ
בעל נצחון, באַגריסט געווען, ווען ער פֿלעגט פֿון
שלאַכטפֿעלד צוריק אין טראָיאַ קומען. קיין איינ־
ציקע פֿרוי און קיין איינציקער מאַן איז אין שטאָט
ניט געבליבן. ביים טויער פֿון שטאָט האָבן זיי זיך



מען האָט העקטאָרס קערפּער אויפן שייטער אַרויפ־
געלייגט און דאָס האָלץ אונטערגעצונדן



אַלע פאַרזאַמלט און אויף העקטאָרס קערפּער געוואַרט.
פּארויס איז געגאַנגען העקובאַ, די טרויערנדיקע מוטער,
און די אלמנה — אַנדראָמאַכאַ. זיי האָבן וויינענדיק די
האָר אויף זיך געריסן, געוואָרפן זיך מיט אַ יאָמער
אויפן טויטן קערפּער, און מיט אַ ביטערער קלאגערײַ
העקטאָרס קאָפּ געקושט.

מען האָט דעם טויטן אין פּאַלאַץ געבראַכט און אויף אַ
פּרעכטיקן געלעגער אַוועקגעלייגט. זינגער האָבן זיך נעבן
אים געזעצט און מיט טרויעריקע שטימען אומעטיקע לידער
געזונגען. די פרויען האָבן זיי מיט געוויין געענטפערט. די
ערשטע האָט העקטאָרן זיין פרוי אַנדראָמאַכאַ באַוויינט, און
בעת זי האָט איבערגעריסן, האָט אויפגעהויבן איר קול די
טרויערנדיקע מוטער העקובאַ. און דאָס גאַנצע פאָלק האָט
געוויינט צוזאַמען מיט זיי.

פּריאַם האָט באַפוילן ברענגען האָלץ קיין איליאָן, כדי צו
מאַכן אַ שייטער. ניין טעג נאָכאַנאַנד האָט מען אויף אייזלען
און פערד געפירט האָלץ; אויפן צענטן טאג האָט מען העק־
טאָרס קערפּער אויפן שייטער אַרויפגעלייגט, און דאָס האָלץ
אונטערגעצונדן. דאָס גאַנצע פאָלק איז בייגעווען. ווען דער
קערפּער איז שוין פאַרברענט געווען, האָט מען דעם אָרט
מיט ווין פאַרגאָסן. די אש און די ווייסע ביינער פון דעם
טראָיאַנישן העלד האָט מען אין אַ גאָלדענעם ארון אַריינ־

געלייגט· אין אַ שלייער איינגעוויקלט און אין אַ טיפן קבר אַראָפּגעלאָזן· דעם קבר האָט מען מיט שטיינער פאַרלייגט און אַ הויכן באַרג אָנגעשאָטן·

אין יענעם אוונט איז אין פריאַמס פּאַלאַץ צום אנדענק פון העקטאָרן אַ גרויסע מאלצייט געווען·



# צווייטער טייל
## אויסדערוויילטע
## דערציילונגען פון
## »אָדיסעי«



וואַנציק יאָר איז אַריבער נאָכן חורבן פון היי־ליקן איליאָן (טראָיאַ). די אַכעאישע העלדן זיינען בשלום געקומען אַהיים. נאָר איין אָדיסעי איז נאָך אַלץ געווען ווייט פון איטאַקאַ, וואו ער האָט איבערגעלאָזן זיין טרייע פרוי פענעלאָפּאַ און זיין איינציקן זון טעלעמאַקן. פיל צרות און סכנות איז אָדיסעי אויסגעשטאַנען אין די לאַנגע יאָרן פון זיין וואַנדערן. כמעט דעם גאַנצן לעצטן יאָר האָט אָדיסעי פאַרבראַכט ביי דער נימפע קאַליפּסאָ מיט די שיינע לאָקן אין איר טונקעלער הייל. די נימפע האָט פאַרלאַנגט, אָדיסעי זאָל זי נעמען פאַר אַ ווייב. און דאָרט, אין איטאַקאַ, אינם שיינעם פּאַלאַץ פון קעניג אָדיסעי, איז יעדן אָוונט אַ מאָלצייט געווען. די יונגע לייט פונם גאַנצן אינזל פלעגן יעדן טאָג קומען אין פּאַלאַץ, טרינקען דעם גאָלדענעם וויין, שעכטן בהמות, עסן די בעסטע שפּייזן און פלעגן צווינגען דעם זינגער, ער זאָל זיי לידער זינגען און וועגן די געטער און העלדן דערציילן. אָבער דאָס איז פאַר זיי ווייניק געווען. זיי האָבן נאָך געוואָלט, פענעלאָפּאַ, אָדיסעי׳ס פרוי, זאָל איינעם פון זיי פאַר אַ מאַן זיך אויס־קלייבן. טריי איז אָבער פענעלאָפּאַ געווען צו אָדיסעיען און האָט נאָר אויף אים געוואַרט.

פון חושך איז די יונגע עאָס מיט די רויטע פינגער אַרויס ׳און טעלעמאַק האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט׳ ער האָט צו־געבונדן פּאָדעשוועס צו די ווייסע פיס׳ אויפגעהאַנגען אַ שווערד ביים זייט׳ און ווי אַ שטראַלנדיקער גאָט איז ער פון זיין צימער אַרויס׳ אויפן פלאַץ איז שוין׳ לויט זיין באַפעל׳ דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאַמלט געווען׳ טעלעמאַק איז געקומען אויף דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג און׳ האַלטנדיק אַ קופּערנעם שפּיז אין האַנט׳ האָט ער זיך אויף זיין פאָטערס אָרט אַוועק־געזעצט׳ ער האָט זיין פאָלק דערציילט׳ ווי די חתנים פון איטאַקאַ רייסן זיך אַריין יעדן אָוונט אין פּאַלאַץ׳ ווי זיי שעכטן בהמות׳ טרינקען ווײַן און ברענגען אום די אוצרות׳ וועלכע אָדיסעי׳ זיין פאָטער׳ האָט איבערגעלאָזט׳ טעלעמאַק האָט דאָס פאָלק געמוסרט׳ אַז מע באַציט זיך שלעכט צו דער קעניג־לעכער פאַמיליע׳ דאָס פאָלק דאַרף ניט בלייבן גלייכגילטיק צו איר שיקזאַל׳ ווייל די געטער וועלן נקמה נעמען דערפאַר׳ דאָ איז אַרויסגעטראָטן איינער פון די חתנים: שולדיק אין אַלץ׳ — האָט ער געזאָגט׳ — איז פּענעלאָפּאַ׳ שוין דריי יאָר׳ ווי זי רייצט די חתנים׳ צוזאָגנדיק׳ אַז מיט איינעם פון זיי וועט זי חתונה האָבן׳ זי האָט׳ למשל׳ אָנגעהויבן צו וועבן אַ ברייט געוועב און געגעבן אַ וואָרט׳ אַז ווען זי וועט דאָס געוועב ענדיקן׳ וועט זי חתונה האָבן מיט איינעם פון די חתנים׳ די אַרבעט איז אָבער צו לאַנגזאַם געגאַנגען׳ ערשט אויפן פערטן יאָר האָבן זיך די חתנים דערוואוסט׳ אַז פּענעלאָפּאַ האָט זיי כסדר גענאַרט: זי פלעגט ביינאַכט אָנצינדן פייער און צע־

טרענען דאָס, וואָס זי האָט אויסגעוועבט בייטאָג. די חתנים האָבן אָבער באַשלאָסן, אַז אומזיסט זיינען אירע המצאות — איינער פון זיי מוז פענעלאָפּאַס מאַן ווערן! גראָד אין דער דאָזיקער צייט האָבן זיך אין דער לופטן איבער די קעפּ פון די פאַרזאמלטע צוויי ריזיקע אדלערס צעשלאָגן און רעכטס אַוועק־געפלויגן. דאָס איז אַ סימן, אַז אַ צרה קומט אָן, — האָט דער פאַרזאַמלונג דערקלערט אַן אַלטער מאַן, וועלכער האָט געקענט פאָרויסזאָגן די צוקונפט לויטן פליען פון פויגלען. אַ סימן, אַז אָדיסעי איז שוין ניט ווייט, אַז ער וועט אינגיכן קומען אַהיים, און דאַן וועט אַ מפלה קומען אויף די חתנים. די נבואה האָט אָבער די חתנים די בעלי־גאווהס ניט אָפּגעשראָקן. אין די ליכטיקע שטראַלן פון העליאָס זיינען ניט ווייניק פויגלען פאַראַן און ניט אַלע פון זיי זאָגן אַן אומגליק פאָרויס, — האָבן זיי געענטפערט.

די געטין אַטענאַ האָט טעלעמאַכן אַן עצה געגעבן, ער זאָל זיך לאָזן אין די ווייטע לענדער און דערוויסן זיך, וואָס פאַר אַ קלאַנגען גייען אַרום וועגן אָדיסעיען און זיין שיקזאַל. און טע־לעמאַך האָט דער געטינס עצה געפאָלגט, ער האָט זיך אין אַ שיף אַריינגעזעצט און איז אין ווייטע לענדער אַוועק־געפאָרן. —



די אָלימפּישע געטער האָבן באַשלאָסן, אָדיסעי זאָל זיך ענדלעך
אומקערן אין זיין פֿאָטערלאַנד

די אָלימפּישע געטער האָבן באַשלאָסן, אָדיסעי זאָל זיך ענד־לעך אומקערן אין זיין פּאָטערלאַנד, און זיי האָבן געשיקט דעם גאָט הערמעס אָנזאָגן דער נימפע קאַליפּסאָ, זי זאָל אָדי־סעיען באַפרייען. ווי אַ לייכטער פויגל איז איבערן ברייטן ים געפלויגן דער גאָט הערמעס און איז צו דער נימפע קאַליפּסאָ געקומען. ביי דער נימפע מיט די העלע לאָקן האָט אין דער טונקעלער הייל אַ פייער געברענט, און אויפן גאַנצן אינזל האָט זיך אַ ריח פון ברענענדיקן צעדערבוים געטראָגן. וועבנ־דיק מיט אַ גאָלדענעם שפּינדל אַ גאָלדן געוועב מיט בלומען, האָט די נימפע געזונגען מיט אַ קלינגענדיקער שטים. אַרום דער הייל זיינען געדיכטע בוימער געוואַקסן, פויגלען פון אַלע מינים האָבן אין זיי זייערע נעסטן געפלאָכטן. ביים אַריינגאַנג אין הייל זיינען שווערע צווייגן מיט צייטיקע וויינטרויבן געהאַנגען. פיר לויטערע קוואַלן זיינען אַרום דער הייל געפלאָסן. לאָנקעס מיט תבואה און בלומען האָבן אַרום געגרינט. אָדיסעי איז אָבער איינזאַם ביים ברעג פון ים געזעסן. לאַנגווייליק איז פאַר אים די צייט געגאַנגען. ער האָט שטאַרק נאָך זיין פּאָטער־לאַנד געבענקט. זיסע אַמוראָזיע אין רויטן נעקטאַר האָט די נימפע דעם געטלעכן שליח פאָרגעלייגט, און ווען הערמעס האָט זיך מיט דער געטלעכער שפּייז אָנגעזעטיקט, האָט אים קאַליפּסאָ געפרעגט, נאָך וואָס איז צו איר געקומען דער גאַסט מיטן גאָל־דענעם שטעקן. דער גאָט צעאוס האָט מיך געשיקט, — האָט הערמעס געענטפערט, — ווען ניט צעאוסעס באַפעל, וואָלט איך ניט געפלויגן איבערן וויסטן ים, וואו ס'וואוינען קיין מענשן ניט

און מען ברענגט קיין קרבנות ניט פאַר די געטער. אָבער צעאוס האָט באַפוילן, און קיינער טאָר זיך אים ניט שטעלן אַנטקעגן. די געטער פאָדערן, — האָט הערמעס איבערגעגעבן, — די נימפע זאָל אָדיסעיען תיכף באַפרייען. אָדיסעי מוז צו זיין געליבטער פאַמיליע זיך צוריקקערן. איבערראַשט פון דעם באַפעל איז געווען די נימפע. אָבער זי האָט זיך געמוזט אונטערגעבן: שטריינג וואָלטן זי די געטער באַשטראָפט פאַר ניט פאָלגן.

און אָדיסעי האָט מיט דער הילף פון דער נימפע אָנגעהויבן אַ שיף צו בויען. אויפן פינפטן טאָג איז די שיף פאַרטיק געוואָרן. קאַליפּסאָ די נימפע האָט אָפּגעוואשן אָדיסעיען, האָט אים אין דופּטיקע קליידער אָנגעטאן, האָט אים שפּייז מיט געטראַנק אויפן שיף געבראַכט און האָט דעם גוטן ווינט גערופן, כדי אָדיסעי זאָל בשלום אָפּשווימען פון אינזל. זיבעצן טעג איז אָדיסעי רואיק איבערן ים געפאָרן. אויפן אַכצענטן טאָג האָט ער פון דערווייטן דערזען די בערג פון לאַנד פון די פעאַקיער. דאָ האָט אָבער דער גאָט פּאָסעידאָן אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין מעכטיקן דרייצאן איבערן ים. הויך האָבן זיך אויפגעהויבן די כוואַליעס, שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אויפן הימל באַוויזן, און עס האָט זיך אַ שטורעם צעשפּילט. דער ים האָט זיך אין חושך פאַרהילט. אָדיסעי האָט אַן אימה דערפילט; זיין האַרץ האָט געצאַפּלט, די קני האָבן געציטערט. זיין שיף איז אויף קליינע שטיקלעך צעבראָכן געוואָרן. ער אַליין האָט זיך לאַנג מיט די כוואַליעס געראַנגלט. סוף כל סוף איז אים געלונגען אויפן



· · · דער גאָט צעאוס האָט מיך געשיקט,
האָט הערמעס געענטפערט





דער גאָט פון ים פּאָסעידאָן האָט
אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין מעכ־
טיקן דרייצאָן איבערן ים - הויך
האָבן זיך אויפגעהויבן די כוואליעס,
שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אויפן
הימל באַוויזן, און עס האָט זיך
אַ שטורעם צעשפּילט



אויבערפלאַך פון וואַסער אַרויפצושווימען. ער האָט זיך פּאַר א ברעט אָנגעכאַפּט, אָבער דער ווינט האָט אים צוריק געשלייַ־דערט. און דעמאָלט האָט אויף אים די געטין פון ים רחמנות געקראָגן. זי האָט אָדיסעיען אַ צויבער־טוך געשיינקט, און מיט דער הילף פון דער צויבער־טוך איז אָדיסעי צום ברעג צוגע־שוואומען און אין אָנמאַכט אויף דער ערד געפאַלן. ער איז געווען אינגאַנצן געשוואָלן. פון זיין מויל און פון נאָז האָט גע־רונען וואַסער. די מעכטיקע הענט זיינען הילפלאָז געהאַנגען. ער האָט גאָרנישט געדענקט. אין אַ לאַנגער צייט אַרום איז ער ערשט צו זיך געקומען. ער איז אַריין אין אַ נאָענטן וועלדל, האָט זיך אין אַ קופּע אַלטע בלעטער אַריינגעגראָבן און איז שטאַרק אַנטשלאָפן געוואָרן. די געטין אַטענאַ האָט אים די אויגן פאַרמאַכט.



פאַרזונקען אין זיסן שלאָף האָט אָדיסעי גערוט, בעת די געטין אַטענאַ איז אין שלאָפצימער פון דער בת־מלכה נאַוויזי־קאַיאַ אַריין. דעם קעניג אַלקינאָיס טאָכטער נאַוויקאַיאַ האָט אויסגעזען שיין, ווי אַ געטין. צוקאָפּנס פון דער שלאָפנ־דיקער בת־מלכה איז די געטין אַטענאַ מיט לייכטע טריט צו־געגאַנגען און האָט געזאָגט נאַוויזיקאַיען, זי זאָל פרימאָרגן גיין צום טייך וואַשן וועש.

און ווי נאָר די גאָלדענע עאָס איז אויפן הימל ארויף, האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף די בת־מלכה און איז צו איר מוטער אַראָפּ. די קעניגין ארעטאַ האָט מיט אירע דינערינס געשפּינט רויטע פעדים, און דער קעניג אַלקינאָי האָט זיך געקליבן גיין אויפן ראַט פון די פּני־העיר. נאַוזיקאַיאַ האָט געבעטן, מען זאָל איר ערלויבן גיין צום טייך וואַשן וועש און מען זאָל איר דערצו געבן אַ וואָגן מיט אייזלען. ס'איז שוין פאַראַן אַ סך שמוציקע וועש, האָט זי געזאָגט, און איר פליכט איז צו זאָרגן, דער פאָטער זאָל האָבן זויבערע קליידער, ווען ער זיצט אין ראַט פון די חשובע זקנים. אירע ברידער זיינען בליענדע יונגע לייט, זייערע קליידער מוזן פריש זיין, בעת זיי גייען אין קאַראַהאָדי. און מ'האָט אין אַ וואָגן צוויי אייזלען איינגעשפּאַנט, די שמוציקע וועש האָט מען אין אַ קאָרב צוזאַמענגעקליבן. אין אַ צווייטן קאָרב האָט מען עסנוואַרג אַריינגעלייגט; זיסע זאַכן האָט די קעניגין דער טאָכטער מיטגעגעבן און אַ גאָלדן פעסל מיט שמעקעדיקן אייל, איינצוזאַלבן דעם קערפּער נאָכן באָדן. די בת־מלכה האָט זיך געשטעלט אויפן וואָגן, האָט אַ שמיץ געטאָן די אייזלען און איז אַוועקגעפאָרן. הינטערן וואָגן זיינען אירע חברטעס און דינערינס געגאַנגען.

ביים טייך האָבן זיי די וועש אויסגעשווענקט און אַוועקגעלייגט אויפן ברעג טריקענען. דאַן האָבן זיי זיך אויסגעבאָדן, האָבן זיך איינגעזאַלבט און אַוועקגעזעצט אויפן גראָז צובייסן. די בת־מלכה האָט פאָרגעלייגט צו שפּילן אין פּילקעס, און אַליין האָט זי אַ ליד גענומען זינגען. די מיידלעך האָבן אין

דער דאָזיקער צייט צוזאַמענגענומען די וועש און איינגעשפּאַנט די אייזלען גרייט צו פאָרן אַהיים.

אָבער דאָ האָט די געטין אַטענאַ באַשלאָסן אויפצוועקן אָדיסעיען. נאַוזיקאַיאַ האָט איר פּילקע צו די חברטעס אַ וואָרף געטאָן, אָבער די פּילקע איז אין די רוישנדע כוואַליעס אַריינ־געפאַלן. פון איבערראַשונג האָבן אַלע מיידלעך אַ געשריי גע־טאָן, און דאָ האָט זיך אָדיסעי פון זיין שלאף אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך ארומגעקוקט מיט מורא און האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן: ווײ, צו וועמען בין איך דאָ אַריינגעפאַלן: אפשר וואוינען דאָ ווילדע מענשן, וואָס ווייסן נישט פון קיין אמת און יושר; אָדער אפשר שפּילן זיך דאָ נימפן פון די בערג, פון די טייכן און דופטיקע לאָנקעס? צוגעדעקט זיין קערפּער מיט צווייגן, איז אַרויס אָדיסעי פון וועלדל. באַפּלאָכטן אינגאַנצן מיט ים־גראָז, האָט אָדיסעי אַזוי מוראדיק אויסגעזען, אַז די מיידלעך זיינען זיך פאַר שרעק צעלאָפן. נאָר נאַוזיקאַיאַ די איינציקע איז געבליבן שטיין אויף אן אָרט. האַלטנדיק זיך מיט כבוד אַביסל פון דערווייטנס, האָט דער באַצויבערטער אָדיסעי געווענדט זיין וואָרט צו דער וואונדערשיינער בת־מלכה. מיט אַ יונגן פאַלמען־בוים, דעם איידעלסטן פון אַלע געזעענע בוימער, האָט אָדיסעי די בת־מלכה פאַרגליכן. אין קורצע ווער־טער האָט אָדיסעי דאַן פון זיין אומגליק דערציילט. ער האָט געבעטן, מ'זאָל אים געבן מיט עפּעס צוצודעקן דעם קערפּער, און האָט געפרעגט דעם וועג אין שטאָט אַריין. נאַוזיקאַיאַ האָט אַ רוף געטאָן די חברטעס אירע און דינערינס, האָט געהייסן

אָפּוואַשן דעם אומבאקאַנטן, איינזאַלבן זיין קערפּער און געבן עסן אים און טרינקען. די בת־מלכה אַליין האָט אָדיסעיען אַ בגד געשיינקט.

אָדיסעי האָט זיך אַליין אין קוואַל אויסגעבאדן, האָט זיין קערפּער איינגעזאַלבט און האָט דאָס געשיינקטע קלייד אָנ־געטאָן. די געטין אַטענאַ האָט אים מיט איר צויבער־מאַכט אויפגעהויבן, ער איז העכער געוואָרן, זיינע לאָקן האָבן זיך ווי די בלומען גיאצינט אין רינגען פאַרפלאָכטן. מעכטיק און פריש איז ער דער בת־מלכה אַנטקעגן אַרויס. נאַוזיקאַיאַ האָט אים באַפוילן צו גיין נעבן איר וואָגן: זי וועט אים ווייזן דעם וועג צום קעניגלעכן פּאַלאַץ. און זי האָט אַ שמיץ געטאָן די אייזלען און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים. הינטערן וואגן זיינען די חברטעס און דינערינס נאָכגעגאַנגען.



די שטאָט, וואוהין אָדיסעי איז געקומען, איז מיט הויכע, וואונדערלעכע ווענט באַפעסטיקט געווען. אן אומענדלעכע רייע פון שיפן איז אין די האַפנס געשטאַנען. אין מיטן שטאָט איז אַ פּלאַץ פאַר פּאָלקס־פאַרזאַמלונגען געווען. דעם קעניג אַלקינאָיס פּאַלאַץ האָט געגלאַנצט און געלויכטן, ווי די זון. די קופּערנע ווענט האָבן זיך אויבן מיט אַ העל שטאָלענעם ראַנד פאַרענדיקט. די טירן זיינעם פון ריינעם גאָלד געמאַכט געווען; דער שוועל – פון שטאָל און דער אויבערשוועל – פון זילבער.

די בת־מלכה האָט זיך געשטעלט אויפן וואָגן, האָט אַ
שמיץ געטאָן די אייזלען און איז אַוועקגעפאָרן. הינטערן
וואָגן זיינען די חברטעס און דינערינס געגאַנגען

פוןביידע זייטן ביים אַריינגאַנג זיינען געשטאַנען פיגורן פון הינט, קונציק אויסגעגאָסענע פון גאָלד און פון זילבער. ביי די ווענט זיינען געשטאַנען ביינק, באַדעקטע מיט קינסטלעריש אויסגעוועבטע טעפּיכער. אויף הויכע געשטעלן האָבן גאָל־דענע פיגורן געהאַלטן פאַקעלן, וועלכע מען פלעגט אָנצינדן, בעת אין פּאַלאַץ פלעגט אַ מאָלצייט פאָרקומען. פּופּציק שקלאַ־פינס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען נאָר מיט דעם, וואָס זיי האָבן אין האַנטמילן גאָלדענעם קאָרן געמאָלט, געשפּינט און געוועבט, האָבן אין פּאַלאַץ געוואוינט. די געטין אַטענאַ אַליין האָט זיי אויסגעלערנט די קונסט פון האַנטאַרבעט און וועבעריי. אַרום דעם פּאַלאַץ איז געווען אַ ברייטער הויף און אַ גאָרטן מיט אַ הויכן פּאַרקאַן. הויכע, צווייגיקע פרוכטבוימער זיינען דאָרט געוואַקסן. אַ גאַנץ יאָר פלעגט דאָרט צייטיק ווערן פרוכט. פון די ווייַנטרויבן האָט מען אין ווייַנגאָרטן די זאַפט געקוועטשט און אין גרויסע פעסער וויין געמאַכט. אויף די בייטן אין גאָרטן זיינען פאַרשיידענע גרינסן געוואַקסן. אַרום דעם גאָרטן זיינען קוואַלן געפלאָסן, פון וועלכע מען פלעגט פרישע וואַסער שעפּן.



אָדיסעי איז, פון קיינעם ניט געשטערט, אין פּאַלאַץ אַריין און גלייך צו דער קעניגין צוגעגאַנגען. ער האָט אירע קני אַרומגענומען און האָט איר געבעטן, מ׳זאָל אים העלפן קומען

אַהיים צוריק אין זיין פּאָטערלאַנד. שוין יאָרן לאַנג, אַז ער איז אַ היימלאָזער וואַנדערער. ער האָט זיך אין אַש אַריינגעזעצט און שטילשווייגנדיק אויף אַ תּשובה געוואַרט. דער קעניג אַל־קינאָי איז צו אָדיסעיען צוגעגאַנגען, האָט אים פּאַר אַ האַנט אָנ־גענומען, פון די אַש אויפגעהויבן און נעבן זיך אויף אַ זיל־בערנעם שטול אַוועקגעזעצט. אַ דינערין האָט צוגעטראָגן אָדיסעיען פרישע וואַסער אין אַ גאָלדענעם קריגל אָפּצוּוואַשן די הענט, האָט צוגערוקט צו אים אַ טיש מיט פאַרשיידענע שפּייז און ברויט. מ'האָט קודם כּל פּאַר די געטער ווין גע־גאָסן און נאָכדעם ערשט דעם ווין פאַרזוכט. דער קעניג אַל־קינאָי האָט צוגעזאָגט אָדיסעיען צו העלפן אים אין זיין פּאָטער־לאַנד צו קומען. די קעניגין האָט דאַן ביי אָדיסעיען געפרעגט זיין נאָמען, פון וואַנען ער שטאמט און וואו האָט ער דאָס קלייד גענומען, וועלכעס ער טראָגט אויף זיך. אָדיסעי האָט זיין נאָמען ניט אָנגערופן. אין קורצע ווערטער האָט ער דער קעני־גין וועגן זיינע איבערלעבענישן דערציילט און האָט אָפנהאַרציק געזאָגט, אַז דאָס קלייד האָט אים די בת־מלכה געשיינקט. די קעניגין האָט אַליין אויך דערקענט, אַז דאָס איז איר אַרבעט. דער קעניג אַלקינאָי האָט אָדיסעיען געזאָגט, אַז די פּעאַקישע שיפן, וועלכע לויפן אַזוי שנעל, ווי די מחשבות פון מענשן, וועלן אָפּפירן אָדיסעיען אין זיין פּאָטערלאַנד, ווען דאָס זאָל זיין אַפילו ווייטער פאַרן אינזל עווּבעיאַ. דאַן האָבן די דינערינס אַוועקגעשטעלט אין פּאָדערצימער אַ בעט און האָבן פאַר אָדיסעיען אַ ווייכן געלעגער צוגעגרייט. מיט פאַרגעניגן האָט



7*



אָדיסעי האָט זיך אין אַש אַריינגעזעצט און שטיל־
שווייגנדיק אויף אַ תשובה געוואַרט



זיך דער מידער אָדיסעי אויף דער געשניצטער בעט אויסגע־צויגן און איז גלייך זייער שטאַרק איינגעשלאָפן. —



די יונגע עאָס מיט די רויטע פינגער איז פון חושך אַרויס, און אָדיסעי האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט. דער קעניג אַל־קינאָי האָט זיין גאַסט אַוועקגעפירט אויפן שטאָט־פּלאַץ. דאָרט איז דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאמלט געווען. דער קעניג האָט דערציילט וועגן דעם אומבאַקאַנטן גאַסט און האָט געבעטן, מ'זאָל צוגרייטן אַ שיף, כדי אָפּצופירן דעם גאַסט אין זיין פאָטערלאַנד. עס איז נאָך ניט געווען דער פאַל, האָט געזאָגט דער קעניג אַלקינאָי, אַז אַ וואנדערער זאָל לאַנג בעטן הילף און זאָל עס ניט באַקומען; אַ גאַסט מוז מען העלפן, אַזאַ מנהג איז ביי די פעאַקיער. און עס זיינען צוויי און פופציק שיפער אַוועק אויפן ברעג פון ים. זיי האָבן אַ שוואַרצע שיף פון ברעג אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער, אויפגעהויבן די מאַסטן, דורכגעצויגן די רודערס דורך רימענע פעטלעס און האָבן פאַרפעסטיקט די זעגלען. אַלט און יונג זיינען נאָך דער פאַרזאַמלונג אין אַל־קינאָיס פּאַלאַץ געקומען. די געסט האָבן אַליין בהמות גע־שאָכטן און דאָס עסן צוגעגרייט. דער בלינדער זינגער דעמאָ־דאָק איז אויך דערביי געווען. נאָכן עסן האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען, און האָט זיך דערביי אַליין אַקאָמפּאַנירט אויף דער לירע, וועלכע איז איבער זיין קאָפּ געהאַנגען. דעמאָדאָק האָט

וועגן דעם העלדישן אַכילעס און דעם שאַרף־קלוגן אָדיסעי געַ־זונגען. אָדיסעי האָט זיין פּנים אין ברעג פון מלבוש פאַרהילט, וועלנדיק זיינע טרערן באַהאַלטן. דעמאָדאק האָט אַ צווייטע ליד אָנגעהויבן, און ווידער האָט געַנומען וויינען אָדיסעי. דאָס־מאָל האָט אַלקינאָי זיינע טרערן באַמערקט, אָבער ער האָט אָדיסעיען גאָר נישט געזאָגט. ער האָט פאָרגעלייגט דעם גאַסט צו גיין אויפן פּלאַץ, וואו ס׳האָבן געזאָלט לכבוד אָדיסעיען פאָרקומען שפּילערייען און געראַנגל. דער קעניג האָט געַ־וואָלט, די פעאַקיער זאָלן זיך פאַרן גאַסט אויסצייכענען. דער בלינדער זינגער איז דאָ אויך בייגעווען. און די פעאַקיער האָבן זיך געראַנגלט, זיינען געלאָפן, געשפּרונגען און געשליידערט דיסקן. דעם קעניגס זון האָט פאָרגעלייגט אָדיסעיען, ער זאָל נעמען אַן אָנטייל אינם געראַנגל, ווייל קיין גרעסערער שטאָלץ פאַר אַ מאַן איז ניטאָ, ווי האָבן לייכטע פיס און שטאַרקע הענט. אָדיסעי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. איינער פון די פעאַקיער האָט דאַן בפרהסיה מיט פאַראַכטונג געזאָגט צו אָדיסעיען, אַז ער איז זיכער אַ סוחר, וועלכער טראַכט נאָר וועגן פּרנסה און פון ריוח. די דאָזיקע ווערטער האָבן אָדיסעיען באַליידיקט, און אין אים האָט זיך דערוועקט זיין שטאָלץ. ער האָט זיך גלייך אַרויסגעזאָגט גרייט אַרויסצעווייזן אין געראַנגל זיין כח. ניט אויסטוענדיק דעם בגד האָט ער געכאַפּט אַ גרויסן שטיין, וואָס איז געווען שווערער פאַר אַלע דיסקן, און האָט אים אַ שליידער געטאָן, און דער שטיין איז געפאַלן ווייטער פאַר אַלע דיסקן. אָדיסעי האָט זיך צעהיצט און האָט געפרעגט, ווער וויל זיך מיט

אים ראַנגלען. דעם שטייפסטן פיילנבויגן באַהערשט ער פריי, ער שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום העלד, סיידן נאָר מיט העראַקלעסן, דעם העלד פון אַמאָליקע צייטן, וואָלט ער ניט געוואַגט צו קעמפן. נאר אין לויפן קאָן מען אים בייקומען, ווייל לאַנג האָבן אים די כוואַליעס פון ים געטראָגן, און ער איז אויף די פיס שוואַך געוואָרן. דער קעניג אַלקינאָי האָט געענטפערט, אַז ער גלויבט אין אָדיסעיס כח. זיי, די פעאַקיער, צייכענען זיך ניט אויס אין געראַנגל מיט פויסטן און אין רינג־קאַמף, אָבער דערפאַר האָבן זיי פלינקע פיס, לויפן גוט, און זיינען אויך גוטע שווימער און שיפער, די ערשטע אויפן ים; זיי האָבן ליב אויך גוט עסן, געזאַנג, טענץ, מוזיק, פרישע קליידער, ווייכע בעטן און בעדער. באַלד ווען די טענצער אַרויסגיין און באַווייזן זייער קונסט, כדי דער גאַסט זאָל קאָנען אין דערהיים וועגן די פעאַקיער דערציילן. אוז עס זיינען נייין משגיחים אַרויס און באַפרייט אַ פּלאַץ צום טאַנצן. דעמאדאק האָט זיין לירע אין האַנט גענומען. יונגע טענצער זיינען פון רעכטס און פון לינקס אַרויסגעטראטן. באַגייסטערט האָט געקלונגען דעמאדאקס ליד. אין טאַקט צום געזאנג האָט דער עולם געקלאַפּט מיט די פיס. אָדיסעי האָט באַוואונדערט, ווי לייכט די טענצער באַוועגן מיט די פיס. צוויי טענצער זיינען אויפן מיטן אַרויס. איינער פון זיי האָט הויך צו די וואָלקנס אַ פילפאַרביקע פילקע געוואָרפען, דער צווייטער איז זיך צע־לאָפן און, ניט אָנרירענדיק די ערד מיט די פיס, האָט ער די פילקע געכאַפּט. נאָכדעם, אָננעמענדיק איינער דעם צווייטן,

האָבן די טענצער אָנגעהויבן זיך לייכט צו דרייען. אַרום זיי האָט דער באַגייסטערטער עולם מיט די פיס געקלאַפּט אַזוי, אַז דער גאַנצער פּלאַץ האָט געדונערט. אָדיסעי האָט מודה געווען, אַז קיינער קאָן זיך ווירקלעך מיט די פעאַקיער ניט פאַרגלייכן. דאָס האָט אַזוי דערפרייט דעם קעניג אַלקינאָי, אַז ער האָט גלייך פאָרגעלייגט, מ׳זאָל דעם גאַסט מתנות שיינקען; יעדערער זאָל געבן אָדיסעיען אַ קלייד און אַ טאַלאַנט גאָלד. דער קעניג אַליין מיט דער קעניגין האָבן אָדיסעיען אַ גאַנצן קאַסטן מיט קליידער און גאָלדענע חפצים געשיינקט. צום זון־אונטערגאַנג האָט אויך דאָס גאַנצע פאָלק די מתנות פאַרטיק געמאַכט.

אין אָוונט האָט אַלקינאָי ווידער לכבוד אָדיסעיען אַ מאָל־צייט געמאַכט. דאָס מאָל האָט דעמאַדאָק וועגן דעם חורבן פון טראָיאַ געזונגען: ווי די דאַנאַיער האָבן אַ הילצערנעם פערד אין שטאָט אַריינגעבראַכט, ווי אָדיסעי און אַנדערע העלדן זיינען פון פערד אַרויס און האָבן די שטאָט איינגענומען. אָדיסעי האָט זיך ביי די ווערטער ווידער צעוויינט. אַלקינאָי האָט זיינע טרערן באַמערקט. „ווער ביסטו, וואַנדערער? — האָט ער אָדיסעיען געפרעגט, — אין וועלכע לענדער ביסטו געווען, וועלכע מענטשן האָסטו געזען? פאַר־וואָס וויינסטו, ווען מען זינגט וועגן טראָיאַ? ווער האָסטו דאָרט פאַרלאָרן?" דאָ האָט זיך אָדיסעי אַנטפּלעקט פאַרן קעניג. „איך בין דער ביזן הימל באַרימטער אָדיסעי, — האָט ער געזאָגט. איטאַקאַ, וואָס איז מיט גאָלדענע שטראַלן



פאַרוואָס וויינסטו, בעת מען זינגט וועגן טראָיאַ? וועמען
האסטו דאָרט פאַרלאָרן?



פאַרגאָסן, איז מיין פאָטערלאַנד. ווייט אין ים זעט זיך דער
הויכער באַרג פון איטאַקאַ. אַ סך וועלדער זיינען אויפן
אינזל פאַראַן. שטיינערדיק איז דאָרט דער באָדן, אָבער
ס׳וואַקסן דאָרט גרויסע גבורים. קיין לאַנד איז מיר ניט
אַזוי ליב, ווי איטאַקאַ, קיין זאַך איז פאַר אונז ניט טייערער
פון אונזער פאָטערלאַנד.״ אָדיסעי האָט אָנגעהויבן צו דער־
ציילן אַלץ, וואָס מיט אים האָט פאַסירט, זינט ער איז פון
טראָיאַ אַוועק. ער איז אינם לאַנד פון די לאָטאָפאַגן געווען,
וואו די וואונדערשיינע בלום — דער לאָטאָס וואַקסט. ווער
עס פאַרזוכט די בלום, פאַרגעסט אַלץ, וואָס מיט אים איז
געווען, און וויל שוין מער ניט פאַרלאָזן יענע לאַנד. אָדיסעי
איז אויך געווען אינם לאַנד פון די קיקלאָפּן, וועלכע ווייסן
ניט, וואָס אמת איז. די קיקלאָפּן אַקערן ניט און זייען ניט.
די ערד זייערע איז פעט און גיט אַליין פון זיך אַרויס קאָרן,
ווייץ, גערשטן, וויינטרויבן. ווילדע ציגן גייען אין יענע וועלדער
אַרום. אָדיסעי איז אויך געווען אין דער הייל, וואו ס׳האָט
געוואוינט דער מוראדיקער קיקלאָפּ פּאָליפעם, אַ שרעקלעכער
מענשן־פרעסער. אָדיסעי האָט אויסגעשטאָכן ביים קיקלאָפּ
זיין איינציק אויג און האָט דורך המצאות זיך און זיינע
חברים געראַטעוועט דאָס לעבן. אויך אויפן אינזל ביי דער
געטין צירצעיאַ איז אָדיסעי געווען. צירצעיאַ האָט אָדיסעיס
חברים אין חזרים פאַרוואנדלט. ערשט אין אַ יאָר אַרום האָט
זיי די געטין צוריק דעם מענשלעכן געשטאַלט געשיינקט.
אָדיסעי האָט צוגעזאָגט דער געטין אַראָפּצולאָזן זיך אין דער

מלוכה פון אַאידן — דעם גאָט פון דער אונטער־ערד — און אָנפרעגן דאָרט ביי דעם זקן טירעטי וועגן זיין צוקונפט. אַ סך וואונדערלעכע זאַכן האָט אָדיסעי אין דער אונטערערדישער מלוכה פון אַאידן געזען: אין אַן אָזערע איז געשטאַנען טאַנטאַל, ביזן האַלז אין וואַסער. ער האָט שרעקלעך געליטן פון דאָרשט; אָבער יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט איינבויגן דעם קאָפּ אָנצוטרינקען זיך, פלעגט דאָס וואַסער אַנטלויפן פון אים. איבער טאַנטאַלס קאָפּ זיינען געוואַקסן פרוכט־בוימער, מיט זיסע זאַפטיקע פרוכט. טאַנטאַלן האָט דער הונגער געמאַטערט; אָבער ווי נאָר ער פלעגט אויסציען די הענט צו די פרוכט, פלעגן זיך די צווייגן אויפהויבן צו די טונקעלע וואָלקנס. אָדיסעי האָט אויך סיזיפן דאָרט געזען. סיזיף האָט מיטביידע הענט אַ גרויסן שטיין אויף אַ באַרג געשלעפּט. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט מיט גרויס מיה דערגרייכן דעם שפּיץ פון באַרג, פלעגט דער שטיין זיך אָפּרייסן און אַראָפּקייקלען זיך צוריק אין טאָל, און סיזיף, באַגיסנדיק זיך מיט שווייס, פלעגט מוזן אָנהויבן זיין אַרבעט פון דאָסניי.

אָדיסעיען איז געלונגען אויסצומיידן סקילאַ און כאַריבדאַ. סקילאַ איז אַ מוראדיקע וואונדער־חיה, וואָס לעבט אין אַ הייל אויף אַ פעלז. זי האָט צוועלף פּאָדער־פיס, אויפן רוקן ביי איר זיינען זעקס לאַנגע אויסגעבויגענע העלזער און אויף יעדן האַלז אַ קאָפּ. אין מויל ביי איר גלאַנצן דריי רייען געדיכטע, שאַרפע, שוואַרצע ציינער. סקילאַ בילט אָן אַן

אויפהער און וואַרפט אַ שרעק ניט נאָר אויף מענשן, נאָר אַפילו אויף די אומשטערבלעכע געטער. דער גוף אירער ליגט אין אַ הייל, די קעפּ אָבער רוקט זי אַרויס און מיט די פֿאָדער־פֿיס שאַרט זי איבערן פעלז און כאַפּט אַריין אַלץ, וואָס שווימט פאַרביי: דעלפינען, ים־הינט און אַנדערע ים־באַשעפעניש, און ס'טרעפט זיך, אַז זי שלינגט איין צו זעקס מענשן מיטאַמאָל. אָדיסעיען האָט זיך איינגעגעבן פאַר סקילאַ בשלום פאַרבייצושווימען. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ צווייטע סכנה: די זודיק־רוישנדיקע כאַריבדאַ, וואָס איז געלעגן אונטער אַ פעלז, אויף וועלכן ס'איז געוואַקסן אַ הויכער בוים. כאַריבדאַ האָט שטורמיש געשליידערט דאָס וואַסער אונטער יענעם פעלז. דריי מאָל אַ טאג פלעגט זי איינשלינגען און דריי מאָל אַ טאָג אויסשפייען די שוואַרצע כוואַליעס פון ים. דער דאָזיקער אָרט איז אַ טויט־סכנה פאַר שיפן. אָדיסעי האָט אָבער אויסגעמיטן די סכנה און בשלום דורכגעפירט זיין שיף און איז געקומען אויפן אינזל, וואו ס'האָט געלעבט די נימפע קאַליפסאָ און וואו ער האָט אַ גאַנץ יאָר פאַרבראַכט. —



באַגינען האָבן אַלקינאָיס קנעכט אַוועקגעטראָגן צום שיף אַלע מתנות, וועלכע אָדיסעי האָט פון די פעאַקיער באַקומען. מען האָט אין גרויסע בעכערס וויין געגאָסן און געבעטן דעם גאָט, וואָס באַשיצט די וואַנדערער, דער גאַסט זאָל בשלום

קומען אַהיים. אַרויפטרעטנדיק אויפן שיף, האָט זיך אָדיסעי אויף אַ טעפּיך אויסגעצויגן און איז גלייך איינגעשלאָפן. די שיף איז אַזוי שנעל געלאָפן, אַז דער פלינקסטער פויגל וואָלט זי ניט געקאָנט דעריאָגן. אויפן צווייטן טאָג באַגינען איז שוין די שיף געווען אין איטאַקאַ. די שיפער האָבן אַראָפּ־גענומען דעם פאַרשלאָפענעם אָדיסעיען פון שיף און האָבן אים אויף דעמזעלבן טעפּיך אויף דער ערד אַוועקגעלייגט, אַן אַ זייט פון וועג, און נעבן אים האָבן זיי אויך די מתנות איבערגעלאָזן. אין אַ צייט ארום האָט זיך אָדיסעי אויפגע־כאַפּט פון שלאָף. ער האָט זיין געבורטס־אָרט ניט דערקענט, נאָר די געטין אַטענאַ, פארשטעלט פאַר אַ פּאסטוך, האָט גע־זאָגט אָדיסעיען, אז ער געפינט זיך אויפן אינזל איטאַקאַ. מיט דער הילף פון דער געטין האָט אָדיסעי באַהאַלטן אין הייל די אוצרות, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון די פע־אַקיער. דאַן האָט די געטין אַטענאַ זיך צוגערירט צו אָדיסעיען מיט איר שטעקל, און אָדיסעי האָט זיך פּלוצלונג געענדערט: די הויט אויף זיינע ביינער איז אויסגעטריקנט געוואָרן; די טונקל־גאָלדענע לאָקן האָבן זיך פון קאָפּ אַראָפּ־געשאָטן; די אויגן זיינען מיט קרעץ פאַרצויגן געוואָרן; זיין שיינער בגד איז אַראָפּגעפאַלן, און זיין קערפּער האָט אָנ־שטאָט דעם באַדעקט אן אַלטע, שמוציקע, פאַררויכערטע העמד, איבער וועלכער ס'איז אַ שטיק הירשן־פעל געהאַנגען, אַן אויסגעפליקטע, אָן האָר. אַ שטעקן אין האַנט האָט אָדיסעי באַקומען און אַ טאָרבע אינגאַנצן אין לאַטעס אויפן רוקן. די

געטין האָט דאַן אָנגעזאָגט אָדיסעיען, וואָס ער דאַרף טאָן, און זיי האָבן זיך צעשיידט. —



אדיסעי איז געקומען צום אַלטן פּאַסטוך עוומעי, וועלכער האָט זייער פריינטלעך אויפגענומען דעם גאַסט. עוומעי האָט אַוועקגעזעצט דעם בעטלער אויף אַ קופּע צווייגן, וועלכע ער האָט ניט לאַנג געבראַכט פון וואַלד, דאַן האָט ער צוויי חזרים געשאָכטן, האָט זיי געבראָטן אויפן פייער, האָט געבראַכט וויין און האָט גערופן דעם גאַסט צוזאַמען מיט אים צוצובייסן.ביים עסן האָט עוומעי דערציילט דעם בעטלער וועגן זיין קעניג אָדיסעיען, האָט באַשריבן, וועלכע אוצרות אָדיסעי האָט אין פּאַלאַץ געלאָזן, און ווי די חתנים האָבן דעם קעניגס גוטס אומגעבראַכט. אָדיסעי האָט פלייסיק געגעסן, געטרונקען און האָט שווייגנדיק עוומעיס דערציילונג צוגעהערט. ניט איין מאָל, — האָט דערציילט עוומעי, — זיינען אָנגעקומען וואַנדערער און בעטלער, וועלכע האָבן פענעלאָפּען וועגן איר מאַן ידיעות געבראַכט. נייגיריק פלעגט אַלעמען די קעניגין אויסהערן און ניט איינמאָל האָט זי טרערן דערביי געגאָסן. אָבער די קעניגין האָט זיך איבערצייגט, אַז מען דערציילט איר אויסגעטראַכטע מעשיות, און איצט גלויבט זי שוין מער ניט, ווען מען דערציילט איר וועגן אָדיסעיען. דאַן האָט דער בעטלער געזאָגט צו עוומעיען, אַז ער שווערט אין נאָמען פון גאָט צעאוס,

אַז אָדיסעי וועט זיכער קומען אַהיים, נאָך איידער די זון וועט פאַרגיין און די לבנה וועט אויפגיין אויפן הימל. —



אין דער צייט האָט די געטין אַטענאַ אָנגעזאָגט טעלעמאַקן, ער זאָל פאָרן צוריק אַהיים. די געטין האָט טעלעמאַקן אונטער איר שוץ גענומען און האָט צוגעזאָגט אויסצוהיטן אים, אויב די חתנים וועלן אים וועלן אויפן וועג אומברענגען. די געטין האָט זיך אויפן אָלימפּ אויפגעהויבן, און טעלעמאַק האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט אין יענער צייט פאַרבראכט ביים קעניג מענעלאַיוס. דערוויסנדיק זיך, אַז טעלעמאַק מוז אָפּפאָרן אַהיים, האָט מענעלאַיוס אים געשיינקט אַ צווייגארנדיקן זילבערנעם בעכער מיט גאָלדענע ראַנדן; די קעניגין העלענאַ האָט טעלעמאַקן שיינע קליידער געשיינקט. מען האָט דאָס אַלץ אין קאַסטנס איינגעפּאַקט. דאַן האָט מענעלאַיוס לכבוד דעם גאַסט אַ מאָלצייט געמאַכט, און טעלעמאַק איז אַוועקגעפאָרן אַהיים.

עוומעי דער פּאַסטוך האָט געגאָסן וואַסער אין זיין וויין, בעת ער האָט פּלוצלונג דערזען טעלעמאַקן פאַר זיינע אויגן. ער איז טעלעמאַקן אַנטקעגן געלאָפן, האָט אים אין קאָפּ, אין די לויטערע אויגן און אין די הענט געקושט. פון דעם פּאַסטוכס אויגן האָבן זיך פאַר שמחה טרערן געגאָסן. ווי אַ פאָטער, וועלכער דערזעט זיין איינציקן זון, האָט זיך דער

פאַסטוך מיט טעלעמאַקן געפרייט. טעלעמאַק האָט געשיקט
עומעיען צו פענעלאָפּען אָנזאָגן בסוד, אַז ער איז געקומען.
דאָ האָט די געטין אַטענאַ זיך באַוויזן פאַר אָדיסעיען און
האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער קאָן זיך אַנטפּלעקן פאַרן זון.
דערביי האָט די געטין אָנגערירט אָדיסעיען מיט איר שטעקן,
און תיכף איז אויף אים אַ גאַנצער און ריינער כיטאָן געוואָרן
אָנגעטאָן, זיין אויסזען איז געוואָרן העכער, דער פּנים —
פולער, די באַקן האָט אַ שוואַרצע באָרד באַדעקט. ערשטוינט
האָט אים טעלעמאַק אָנגעקוקט; ער האָט געמיינט, אַז אַן
אומשטערבלעכער גאָט שטייט פאַר זיינע אויגן. דער וואַנ־
דערער האָט אָבער געזאָגט צו טעלעמאַקן: „ניין, איך בין
ניט קיין גאָט! איך בין דיין פאָטער אָדיסעי, צוליב וועלכן
דו האָסט אַזוי פיל געליטן!" דערביי האָט אָדיסעי זיין זון
געקושט, און אַ טרער איז פון זיינע אויגן אויף דער ערד גע־
פאַלן. טעלעמאַק האָט אויך אָנגעהויבן צו וויינען. ווי אַ
יאָמער פון אַן אָדלער, בעת מען נעמט ביי אים אַרויס אַ קינד
פון זיין נעסט, איז זייער געוויין געווען. און אָדיסעי האָט
דערציילט, ווי ער איז קיין איטאַקאַ געקומען, האָט אויסגע־
פרעגט ביי טעלעמאַקן וועגן די חתנים, ווער זיינען זיי, ווי
גרויס איז זייער צאָל. ער האָט געטראַכט וועגן נקמה. —



אויף מאָרגן באַגינען האָט טעלעמאַק צוגעבונדן גאָלדענע סאַנדאַלן צו די פיס, האָט מיטגענומען זיין כלי־זין און איז אַוועק אין שטאָט צו דער מוטער, וועלכע האָט שטענדיק נאָך איר זון געבענקט. אין פּאַלאַץ האָט טעלעמאַקן געטראָפן די אַלטיטשקע דערציערין זיינע עוריקלעיאַ. די באָבע עווריקלעיאַ האָט זיך צעוויינט פאַר שמחה. די איבעריקע דינע־רינס האָבן אויך אַרומגערינגלט טעלעמאַקן; אַלע האָבן זיי זיין קאָפּ און זיינע הענט געקושט. פּענעלאָפּאַ איז אַראָפּ־געגאַנגען פון איר צימער. ענליך צו דער געטין אַפראָדיטאַ מיט איר לויטערן פנים איז זי געווען. זי האָט דעם זון אַרומגענומען און האָט אים לאַנג געקושט. אין דער צייט איז אָדיסעי געקומען אין שטאָט אַריין. אָנגעטאָן אין צע־ריסענע קליידער פון אַ בעטלער, אנגעשפּארט אויף אַ שטעקן, איז ער געגאַנגען אין באַגלייטונג פונם פּאַסטוך עוומעיען. ער האָט נאָך פון דערווייטן דערקענט זיין הויז צווישן אַ סך אַנדערע הייזער, די הויכע שפּיציקע וואַנט אַרום הויף און דעם צווייענדיקן טויער מיטן שטאַרקן שלאָס. בעת אָדיסעי איז אין טויער אַריין, האָט דער אַלטער הונט אַרגוס אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און האָט אָנגעשטעלט די אויערן. דעם הונט האָט אָדיסעי אַליין אויסגעהאָדעוועט און פלעגט אים אָפּט מיט־נעמען מיט זיך אויף געיעג נאָך ציגן, הירשן און האזן. איצט איז דער הונט שוין אַלט געווען און געלעגן אויף אַ קופּע מיסט נעבן טויער. דערזעענדיק אָדיסעיען, האָט אַרגוס אָנגעהויבן צו דרייען מיטן עק און האָט פאַרבויגן די אויערן. נאָענט צו־

קריכן האָט ער שוין ניט געקאָנט. עוומעי האָט באַמערקט, אַז די קנעכט האָבן שלעכט געזאָרגט וועגן דעם הונט, אַ קנעכט טוט אַלץ פון אונטערן שטעקן, אַלע געפילן זיינען אין זייערע הערצער אויסגעלאָשן, און אין דער רגע איז דער הונט אַרגוס טאַקע געפּגרט.

אָדיסעי איז אַריין אין פּאַלאַץ און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל. אייניקע פון די חתנים האָבן אין זיין טאָרבע אַריינגעלייגט ברויט און פלייש; אָבער איינער פון זיי האָט אַ שליידער געטאָן מיט אַ ביינקל אין אָדיסעיען און האָט אים אין רוקן געטראָפן. אָדיסעי האָט זיך אַפילו אַ ריר ניט געטאָן פון אָרט. פעסט ווי אַ פעלז איז ער שטיין געבליבן, אָבער אין האַרצן האָט ער באַהאַלטן דעם געפיל פון נקמה. אייניקע פון די חתנים האָבן אָנגעהויבן צו מוסרן דעם, וועלכער האָט באַ־ליידיקט אָדיסעיען — דעם בעטלער. אפשר איז דער בעטלער איינער פון די אומשטערבלעכע, ווייל אָפט פאַרשטעלן זיך געטער פאַר וואַנדערער און גייען אַריין אין די הייזער צו מענטשן זען, ווער עס זינדיקט און ווער עס היט אָפּ דעם אמת. אָבער דער מוסר האָט ניט געהאָלפן, און אַ טייל פון די חתנים האָבן דעם בעטלער ווייטער באַליידיקט.

נאָכן עסן זיינען די חתנים פון פּאַלאַץ אַוועק, און אָדיסעי איז געבליבן אַליין. ער האָט באַפוילן, טעלעמאַק זאָל אַרויס־טראָגן פון פּאַלאַץ דאָס גאַנצע געווער. אויב די חתנים וועלן דאָס באַמערקן, זאָל ער זיי זאָגן, אַז אין פּאַלאַץ איז רויכיק, אַז דאָס געווער ווערט באַדעקט מיט ראָסט. דערביי האָט די אַלטע

עווריקלעיאַ געהיט די טיר, כּדי די דינערינס זאָלן ניט באַ־מערקן, וואוהין מען טראָגט דאָס געווער אַוועק. די געטין אַטענאַ־פּאַלאַדאַ האָט מיט אַ גאָלדענעם לאָמפּ באַלויכטן דעם וועג, און אָדיסעי מיט טעלעמאַקן האָבן דאָס גאַנצע געווער אַרויסגעטראגן פון פּאַלאַץ.

דאַן איז פון איר צימער אַרויס די געטלעכע פּענעלאָפּאַ זי האָט זיך אויף אַ שטול פון העלפאַנטביין געזעצט. דער שטול איז מיט זילבער באַפּוצט געווען און מיט ברייטע פעל באַדעקט. פּענעלאָפּאַ האָט די פיס אויף אַ געשניצטן ביינקל אַוועקגע־שטעלט און האָט געוואַרט, דער בעטלער זאָל איר עפּעס וועגן אָדיסעיען דערציילן. זי האָט אויסגעפרעגט דעם בעטלער, ווער ער איז, פון וואַנען שטאמט ער, ווער איז זיין פאָטער און מוטער. דער בעטלער האָט אויף אַלע פראגן מיט חשק געענט־פערט, אָבער וועגן זיין משפּחה האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו דער־ציילן. גרויס איז זיין צער, ווען ער טראַכט וועגן זיין פאַמיליע. ער האָט דער קעניגין וועגן זיינע ליידן אין דער פרעמד דער־ציילט, און פּענעלאָפּאַ האָט זיך מיטן בעטלער מיט איר צער געטיילט. זי האָט אים דערציילט, ווי איר מאַן איז אויף מלחמה אַוועק און צוריק ניט געקומען, ווי די חתנים ווילן זי צווינגען, זי זאָל מיט איינעם פון זיי חתונה האָבן, אָבער זי האָט ליב נאָר איין אָדיסעיען. זי האָט ווייטער דערציילט דעם בעטלער וועגן אַלע המצאות, וועלכע זי האָט אויסגעטראַכט, כּדי פון די חתנים פּטור צו ווערן, אָבער אַלע וועגן האָט זי שוין אויסגעפּרובט און מער קיין אויסוועג געפינט זי ניט.

דער וואַנדערער האָט דאַן אָנגעהויבן צו טרייסטן. ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט זיך אויפן אינזל קריט גע־טראָפן מיט אָדיסעיען, וועלכער האָט צוועלף טעג געלעבט אויפן אינזל. ווען אויפן דרייצענטן טאָג איז דער שטורעם אויפן ים שטיל געוואָרן, איז אָדיסעי מיט זיינע באַגלייטער אַוועקגעשוואומען ווייטער. ווי עס פליסט אַ שטראָם, ווען עס צעגייט אויף די שפּיצן פון די בערג דער שניי, אַזוי האָבן גע־פליסט די טרערן פון פּענעלאָפּעס אויגן. אָדיסעי האָט מיט אַ אומבאַוועגלעכן בליק געקוקט אויף פּענעלאָפּען און מיטן גאַנצן כח האָט ער זיך איינגעהאַלטן פון געוויין. פּענעלאָפּאַ האָט אים געוואָלט אויספּרובן, צי זאָגט ער אמת, און האָט אים גע־בעטן באַשרייבן אָדיסעיס קליידונג. דער וואַנדערער האָט דאָס גערן געטאָן. אָדיסעיס וואָלענער פּורפּור־בגד, — האָט ער דערציילט, — איז אויף זיין ברוסט מיט אַ צווייענדיקער בראָש פאַרשפּיליעט געווען; אויף דער בראָש איז אויסגעמאָלט געווען אַ הונט, וועלכער האַלט אין זיינע ציינער אַ לעמל; דאָס לעמל האָט זיך ווי אַ לעבעדיקע געצאַפּלט. דערהערנדיק די ריכטיקע סימנים פון איר פאַרפאַלענעם מאַן, האָט זיך פּענעלאָפּאַ נאָך מער צעוויינט. דער בעטלער האָט זי אָנגעהויבן צו טרייסטן: אָדיסעי לעבט, — האָט ער געזאָגט, — ער געפינט זיך ניט ווייט פון איטאַקאַ. אין נאמען פון צעאוסן, דעם גאָט פון דונער, דעם פאָטער פון אַלע געטער, שווערט ער, אַז אָדיסעי וועט גאָר אין קורצן קומען אַהיים.

דאַן האָט פּענעלאָפּאַ גערופן די דינערינס, האָט באַפוילן אַרומוואַשן דעם וואַנדערער, געבן אים ריינע קליידער און אַריינלייגן אין אַ ווייכע בעט שלאָפן. אָדיסעי האָט נאָר ערלויבט, עווריקלעיאַ זאָל אים אָפּוואַשן די פיס, און בעת עווריקלעיאַ האָט זיך צו זיינע פיס איינגעבויגן, האָט זי אויף זיי באַמערקט אַ שניט, וואָס איז געווען אויפן פוס ביי אָדיסעיען פון קינדווייז אָן, ווייל אַ ווילדער חזיר האָט אים אַמאָל מיט אַ צאָן דורכגעשטאָכן. עווריקלעיאַ האָט גלייך דערקענט דעם צייכן. פון ערשטוינונג האָבן אירע הענט אַ ציטער געטאָן און ניט ווילנדיק האָט זי אויסגעשריען: „דו ביסט דאָך אָדיסעי, מיין גאָלדן קינד! איך האָב דיך שוין לאַנג דערקענט!” אָבער אָדיסעי האָט זי אָנגענומען פאַרן האַלז און, צובויגנדיק זיך צו איר אויער, האָט ער איר געזאָגט, זי זאָל בלייבן שטיל. ער איז באמת אָדיסעי, אָבער דאָס איז אַ גרויסער סוד, קיינער דאַרף דערפון ניט וויסן, ביז ער וועט זיך ניט נוקם זיין אָן די חתנים.



די גאַנצע נאַכט איז אָדיסעי ניט געשלאָפן. באַגינען איז ער אַרויס אין דרויסן, האָט אויפגעהויבן די הענט צו צעאוסן און האָט געבעטן, דער גאָט זאָל אים שיינקן דעם נצחון איבער די חתנים. דאָ האָט זיך דערהערט אַ דונער, און אָדיסעיס האַרץ איז פול געוואָרן מיט שמחה. דאָס האָט אים צעאוס אַ גוטן

„דו ביסט דאָך אָדיסעי, מיין גאָלדן קינד, איך האָב
דיך שוין לאַנג דערקענט!“

צייכן געגעבן. טעלעמאַק איז אויפגעשטאַנען, האָט אויפגע־האַנגען זיין געווער ביים זייט, האָט גענומען אַ קופערנעם שפּיז אין האַנט און איז אַרויס פון פּאַלאַץ. צוויי הינט זיינען אים נאָכגעלאָפן.

אין דער צייט האָט די געטין אַטענאַ אַריינגעלייגט פּענע־לאָפּען אין האַרצן אַ וואונש אויסצופּרובן די חתנים, ווער פון זיי באַהערשט בעסער דעם פיילנבויגן, וואָס האָט געהערט אָדיסעיען. מען האָט אַוועקגעשטעלט צוועלף שטעקנס אין אַ שורה, אויף יעדן שטעקן האָט מען אָנגעטאָן אַ רינג, און די חתנים האָבן געמוזט שיסן דורך אַלע רינגען. פּענעלאָפּאַ האָט צוגעזאָגט חתונה צו האָבן מיט דעם פון זיי, ווער עס וועט דורכ־שיסן דורך אַלע רינגען כסדרי. אומזיסט האָבן זיך אָבער די חתנים באַמיט; קיינעם פון זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן אָנ־צוציען אָדיסעיס פיילנבויגן. אָדיסעי האָט בעת מעשה אָפּגע־רופן אָן אַ זייט צוויי פון די דינערס, האָט זיך פאַר זיי אַנט־פּלעקט און זיי געגעבן שטריינג האַלטן דעם סודי. צוזאַמען מיט די דאָזיקע דינערס איז ער צוגעגאַנגען צום אָרט, וואו די חתנים האָבן זיך אומזיסט באַמיט אָנצוציען דעם פיילנבויגן, און האָט געבעטן, מ׳זאָל אים אויך ערלויבן פּרובן דאָס טאָן. די חתנים האָבן אים, פאַרשטייט זיך, אויסגעלאַכט. אָבער, ווי ס׳איז געווען פון פריער אָפּגעמאַכט, האָבן אים אין דער רגע די דינערס דערלאַנגט דעם פיילנבויגן. אָדיסעי האָט באַטראַכט זיין פיילנבויגן, אַזוי ווי אַ שפּילער, וואָס נעמט אַריין אין האַנט זיין ציטרע און פּרובט אויס אירע סטרונעס. אָן שום אָנ־

שטריינגונג האָט ער דעם פּײלנבויגן אנגעצויגן, גענומען פון טיש אַ פייל און האָט זי אַ לאָז געטאָן. די פייל האָט דורכגע־שלאָגן אַלע רינגען כּסדר פונם ערשטן ביזן לעצטן. דער וואַנ־דערער האָט דאַן אַוועקגעלייגט דעם פּײלנבויגן און האָט גע־געבן טעלעמאַקן א וואונק מיט די ברעמען. טעלעמאַק האָט זיך גלייך געשטעלט הינטער דעם פאָטערס רוקן און האָט גע־נומען דאָס געווער אין האַנט. און דאָ האָט אָדיסעי אַנטפּלעקט פאַר די חתנים, ווער ער איז, איז אָנגעפאַלן אויף זיי און אָנגע־הויבן זיך אין זיי נוקם צו זיין. דעם ערשטן האָט ער אַנטינאָיען דערשאָסן, ווייל ער האָט אָדיסעיען דער ערשטער באַליידיקט. דאַן האָט ער אָנגעהויבן צו שלאגן די איבעריקע. אַ שרעקלעכע יללה האָבן אויפגעהויבן די חתנים. מיט די אויגן האָבן זיי גע־זוכט געווער אויף די ווענט, אָבער דאָס געווער איז פון פריער געווען אַרויסגעטראָגן, און זיי האָבן ניט געפונען קיין איינציקן שפּיז און קיין איינציקן שוץ־אייזן. איינעם פון די יונגע לייט איז געלונגען אַרײַנצודרינגען אין צימער, וואו דאָס געווער איז געלעגן. איילנדיק האָט ער צווישן די חתנים פאַר־טיילט דאָס געווער. אן אימה האָט אנגעפילט אָדיסעיס האַרץ, בעת ער האָט זיך דערזען צווישן די באַוואפנטע שונאים. אָבער דאָ איז די געטין אַטענאַ געקומען אָדיסעיען צו הילף. פאַר־שטעלנדיק זיך פאַר אַ שוועלבעלע, האָט זי זיך אויפן באַלקן אַוועקגעזעצט. מיט דער געטינס הילף האָט אדיסעי אויסגע־שאָכטן אַלע חתנים. און נאָר דעם זינגער האָט ער דאָס לעבן געשיינקט, ווייל ער האָט ניט פרייוויליק געזונגען, נאָר מ׳האָט



מיט דער געטינס הילף האָט אָדיסעי באַזיגט אַלע חתנים



אים דערצו געצוואונגען. פונקט ווי אַ קופּע פיש, וואָס ליגט אויפן ברעג, ווען דער פישער ציט אַרויס זיין נעץ, אַזוי איז גע־לעגן אין שטויב די טויטע קופּע פון די געהרגעטע מענשן. ווי אַ לייב, וועלכער האָט אויפגעגעסן אן אָקס און גייט זאַטערהייט צוריק פון דער טשערעדע, זיין מויל און זיין גריווע זיינען אין בלוט אויסגעשמירט, זיין אויסזען וואַרפט אַרויף אַ שרעקלעכע אימה — אַזוי איז אָדיסעי געווען.

אָבער פרייען זיך איבער דער מפּלה פון די חתנים האָט ער פאַרווערט. ס'איז ניט אָנשטענדיק צו פרייען זיך, ווען עס ליגן טויטע. ס'איז נאָר מקוים געוואָרן דער גערעכטער משפט איבער די חתנים, וועלכע זיינען צוליב זייערע אייגענע חטאים אומגע־קומען; זיי האָבן דעם אמת פאַרשוועכט און צו קיינעם קיין דרך ארץ ניט געהאַט.

די דינערינס האָבן פון פּאַלאַץ די טויטע אַרויסגעטראָגן, האָבן אָפּגעוואַשן די טישן, די ביינק און האָבן אַלץ אין אָרדענונג געבראַכט. דאַן האָבן זיי מיט שוועבל אויסגערויכערט אין די צימערן. די טרייע דינער און דינערינס האָבן אַרומגערינגלט אָדיסעיען, האָבן געקושט זיינע הענט און קאָפּ, און אַלע צו־זאַמען מיט אָדיסעיען האָבן פאַר שמחה געוויינט. —



אדיסעי האָט זיך אָפּגעוואשן, איינגעזאלבט דעם קערפּער מיט דופטיקן אייל, אָנגעטאן אַ לייכטן כיטאָן און אַן אויבערשטן בגדי. די געטין אַטענאַ האָט אים צוריק די שיינקייט אומגע־קערט. זיין געשטאַלט איז געוואָרן שענער און פולער, אין רינגען, ווי די בלומען גיאַצינט, האָבן זיך זיינע האָר געקרייזלט. שטראַלנדיק, ווי אַ גאָט, איז ער פון באד אַרויסגעגאַנגען. די דינער און די דינערינס האָבן טאַנצנדיק אין קאראַהאד אונטער די קלאַנגען פון ציטרע און מיט זיסן געזאנג באַגעגנט אָדיסעיען.

מען האָט אין פּאַלאַץ אַ יום־טוב געמאַכט. אָדיסעי איז אַנטקעגן פּענעלאָפּען געזעסן. אָבער פּענעלאָפּאַ האָט ניט גע־גלויבט, אַז זי זעט אָדיסעיען פאַר אירע אויגן. ערשט דאַן, ווען אָדיסעי האָט איר אנגערופן אַזוינע סימנים, וועלכע נאָר זיי ביידע האָבן געוואוסט, האָט זיך פּענעלאָפּאַ איבערצייגט, אַז איר מאַן איז באמת געקומען. לאַנג האָבן זיי ביידע געוויינט. אָדיסעי האָט פּענעלאָפּען געגנוי וועגן זיין וואַנדער־לעבן און זיינע איבערלעבונגען דערציילט פון דעם טאָג אָן, זינט ער איז אויף דער מלחמה אַוועק. לאנג האָט אָדיסעיס ספּור־המעשה געדויערט, און ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָט אדיסעי זיין דערציילונג פאַרענדיקט.





פענעלאָפּאַ האָט זיך איבערצייגט, אז איר מאַן איז
באמת געקומען



## בעלעטריסטיק:

צבי הירשקאַן: צוויי וועלטן, אַ ראָמאַן.
פרייז. . . . . . . . . 0,24 דאָלאַר

## שפּילזאַכן:

מאַטאַדאָר: אַ לעהר־בויקאַסטן פאַר קינדער מיט אָפּבילדונגען. פרייז . . . . . 0,90 דאָלאַר
לאָטאָ פון היות. פּראַכט־אויסגאַבע.
פרייז. . . . . . . . . . . 2,00 דאָלאַר

## קונסט:

י. ריבאַק: דאָס שטעדטל. פרייז . 5,00 דאָלאַר
„ יידישע טיפּן פון אוקראַינע.
פרייז. . . . . . . . . . . 15,00 דאָלאַר
בלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק, רעדאַגירט פון פּראָפ. ברוצקוס, יעקב לעשצינסקי און ד"ר סעגאַל. העפט 3—1. פרייז . 1,00 דאָלאַר

---

די בוכפאַרלאַגס און פאַרטריבסגעזעלשאַפט „גשר" באַליפערט יידישע שולן, ביבליאָטעקן און בוכ־האַנדלונגען מיט אַלע ביכער, וואָס זיינען ערשינען אויפן ביכערמאַרק אין אַלע לענדער צו אָריגינאַל־פרייזן מיט פאַרלאַגסראַבאַטן.

